


# שטערן

9

ליטעראריש-קינסטלערישער
און געזעלשאפטלעך-פאליטישער
כוידעש-זשורנאל . מינסק

1930

## אינהאלט.

פּראָלעטאריער פון אַלע לענדער, פאראייניקט זיך

# שטערן

ליטעראַריש-קינסטלערישער און פּאָליטיש-
וויסנשאַפטלעכער כוידעש-זשורנאַל.

סעפּטיאַבער 1930 ——— זעקסטער יאָרגאַנג ——— № 9

כאַים לאַסקער.

## ק אָ נ וו יי ע ר.

שטייען די בלעכער און שנײַדן די עמער
און ס׳פאלן די בלעכבויגנס אונטער די שערן,
און אַרבעטער-בלעכער קומען און נעמען
בלעכן אַף דרייען און בלעכן אַף קלעמען—
קאַנען און עמער און מאָלאָקאָמערן.

פאלן די בלעכן און דרייען זיך איבער
אין קאַנטן געבויגן, צעשטעמפּטע אין לעכער,
פליען אָן טאַטשקעס מיט ברען און מיט פיבער
און פירן אין טונקעלן ווײַס-צעך די בלעכן.

אין טונקעלן ווײַס-צעך צעשטעלן זיך טאַטשקעס
און שיטן זיך אויסעט אין קאָריטעס שמאָלע,
יאַטן אין לעדערנע הויזן און גומענע מאַסקעס
וואַשן די עמער אין פליסיקן אָלים.

קאָריטעס, קאָריטעס בלעכענע טרויבן
זינגען ווי דודעס און וואַרטשען ווי טויבן.

קאָריטעס, קאָריטעס לאַנגע קאָנווייערס
פון טונקעלן ווײַס-צעך אין צינק-צעך זיי גייען.

יאַטן ברינאַרניקעס סונטער-פאַרהאָרעוועט—
אַ קלאַפּ און אַ קייקל די עמער אין קאָריטע,

אוּן ווי וואַנצעטקעס פֿוּן טיפֿע טוּנעלן,
לויפֿן די עמער אין צינק-צעך זיך שטעלן.

היים איז אין צינק-צעך, עס שטיקט אוּמגעהויער,
אוּן לוּפֿט איז געזעטיקט מיט אָלים אוּן זויערס.

באַם גלייִקן טיגל, באַ פֿייערן העלע
יוּנגען פֿאַרקוּטעט אין לעדערנע העלמען.

שמעלצט זיך דער צין אין דעם גלייִקן קעסל
אוּן פּאַטש מיט א היץ, ווי מיט לוּפֿטיקע ווענלעס.

כאַפּט מען אַף צוואַנגען די בלעכן די רינע—
א וואָרף אוּן א טוּנק אין צעלאָזענע צינען.

טוּנקעלע עמער פֿאַרזשאַווערט ביז רויט
טוּען זיך אָן אין א צינקעווער הויט.

ס'זינגט פֿוּן דעם טיגל אין זילבערנע קראַנען:
פֿאַר קאָלעקטיוון—
עמער אוּן קאַנען.

אוּן סענטפערן אָפּ פּוּנעם שניַיד-צעך די שערן:
פֿאַר קאָלעקטיוון —
מאָלאָקאָמערן.

קומען אָן טאַטשקעס, טאַטשקעס טאַראַראַכקען,
וואַרפֿט מען אַף זיי עמער, וואַרפֿט מען עמער שטאַרקער.

פֿאָרן, פֿאָרן טאַטשקעס אַף ברייטע גרוּזאָוויקעס,
אַף דער גאַס די שאָפֿערס פֿאָרן ווי פֿאַרשיקערט.

פֿוּן יענער זיַיט טויער, פֿוּן יענער זיַיט טויער
שפּיַיען אוים די לוּנגען דאָס לעצטע שוועבל-זויערס.

א מאַיאָווע ווינטעלע אין בלעטער זיך צעפּלאַטערט
איז יעדער בוים א דוּפּטיקער אוּן גוּטער ווענטילאַטאָר.

רעדער-רויש אוּן שאָפֿער-ליד פֿאַרשווינדן אוּן פֿאַרגייען,
אוּן ס'אַרבעט ווידער שוין אין בלעכן דער קאָנווייער.

מ. טײף.

## צום כאַווער אָשעראָוויטש.

איין רעגע נאָר,
נעערטער פרײַנט, איין רעגע,
פאר שיידן זיך מיט אײַך
נעמט צו מײַן דאנק,
אויב כ'וועל אײַך ווו
נאָך ווען עס איז באגעגענען,
וועט איר דערפילן
ווי עס טוט מיר באנג.

עס טוט מיר באנג
ווי יעדן קינד,
וואָס דארף זיך שיידן
מיט זײַן גוטן פאָטער,
איך זאָג אײַך אופריכטיק אצינד:
אונטער אײַער ווארעמער
און שטרענגער האנט
איז אויפגעגאנגען אונדזער ליד געראָטן.

אונטער אײַער ווארעמער
און שטרענגער האנט,
וואָס האָט געצילט
ווײַט און ריכטיק,
זײַנען יונגע ארבעטער
אין לאנד
געוואָרן דיכטער.

וווּ איר זאָלט ניט זײַן
און וואָס איר זאָלט ניט טאָן,
וועלכער עק פֿון לאַנד טײַנעם
זאָל אַף אײַך ניט וואַרטן,
איך ווייס:
ס'וועט שטענדיק
נאָכגיין אײַך די פֿאָן
פֿון ליבע און פֿון אַכטונג.

מויִשע קולבאַק.

# זעלמעניאַנער.

## 6. עלעקטרע.

בערע האָט זיך באַוויזן אין הויף. פֿון היטל האָט זיך אויסגענאָמען דעמלט אַביסל האָריקער, ניט־זיינטעדיקער שיין, אַ שפּריץ געטאָן איבער די דאָפּעלט־פֿענצטער מיט אויסגעריכטער ווענט. אַף דעם שוואַרצן שטעגעלע, וואָס האָט זיך געצויגן איבערן הויף, איז געגאַנגען בערע מיט פּאַמעלעכע טריט, נאָך אים—עפּעס אַן אַרבעטער. מען האָט באַקוקט די רעדער, באַטאַפּט די ווענט, און אַלץ אַזוי געצויגן מיט די פֿינגער איבערן הימל.

אויב אַזוי—איז מען אין דעם־פֿוסהויף ווידער געוואָרן אומרויִק:

— אַ נײַע נווירע!

— אַ משוגענע זאַך צו זיין, וואָס האָט ער שוין ווידער פֿאַרטראַכט, דער שאַ־געבאַריש!

די מימע מאַלקעלע האָט איינגעזען, אַז סע פּאַסט האַפֿקע איצטער אַרויסליינען אַפֿן טיש די העפֿטן מיט די ביכער.

נאָכדעם איז טאַקע בערע אַריין אויך אין די שטיבער, באַטראַכט די באַלקנס, די ווענט, און אַרויס.

געבעטן, האָט ער, הייסט עס, ניט געפֿינען פֿאַר נייטיק אַפֿילע אַרויסריידן אַ וואָרט.

אַ ביסל נאָכדעם האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז בערע קלייבט זיך עלעקטרי־פֿיצירן דעם הויף. ער וועט צונעמען די לאָמפּן און אַנשטאָט זיי וועט ער עלעקטריע.

טבילעס האָט מען ניט געהאַט, ווי אַנטקעגנקומען די זאַך און ווי גרויס איז די שליעכטס; מאַנכע האָבן אַפֿילע געמיינט, אַז ס'איז אַ שמועס פֿאַרן הויף. מען האָט עפּעס אַרומגעטאַפּט אַף זיך, געלאָפֿן צום פֿעטער ווישע הערן, וואָס זאָגט ער. דאָרטן האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן, אַז די נײַעס איז גרויס צוליב צוויי טעמים: ערשטנס, ווייס מען ניט ווי זיך באַגיין מיט דעם, און צווייטנס, איז עלעקטריע בכלל ניט פֿאַר דעם געמיינעם מענטשן.

— עלעקטריע האָב איך האָלט באַ לײַטן!—האָט אַ זאָג געטאָן פֿעטער יאָדע.

— איר הערט מײַן וואָרט, ער וועט אַמאָל נאָך אַרײַנטרײַבן אין גרוב אַרײַן!—פֿעטער ווישע איז אַרומגעגאַנגען און געריידט צו דער באָבע.

בלויז פֿעטער איטשע האָט געשמייכלט מיט די אויגן און זיך געכידעשט:

— כ'פֿאַרשטיי ניט, סאָפֿקעלאָסע. וואָס דאָרטן אַזוי? אין בעסמעדרעש איז דאָך אויך פֿאַראַן עלעקטריע?

דעמלט איז פֿעטער ווישע געבליבן שטיין, ווי אַ צעטומלטער:

— וואָס זאָגט איר צו דעם נײַעם כאָכעם,—האָט ער זיך אַ קער געטאָן צו די זײַדער,—נו, און אַז אין בעסמעדרעש איז פֿאַראַן אַ בימע, איז דאָ אויך פֿאַראַן אַ בימע?

שלעכט האָט זיך אָפּגערופן די זאַך אויף דער מאָגן. לעמאַטשילע האָט זי פאַר־שטאַנען, אַז בערע קלייבט זיך גראָבן אַ ברונעם אין הויף, האָט זי געשמייכלט, און זיך דערמאָנט מיט קלעמעניש אָן רעב זעלמעלען, וואָס האָט שטענדיק געכאָלעמט וועגן אַן אייגענעם ברונעם. עס איז אים אָבער, קענטיק, ניט באַשערט געווען, ער האָט אָפּגעטרונקען אַ גאַנץ לעבן פרעמדן וואַסער, געשטאָרבן און זיין כאָלעם איז ניט מעקוים געוואָרן. נאָכדעם, אַז זי האָט זיך פאַרט געכאַפּט מעקויעך וואָס עס רעדט זיך, איז זי בלייך געוואָרן, און קוים וואָס זי האָט אַרויסגערעדט, אָבער גאָר מיטן מענטש:

— זאָלסט וויסן, — האָט זי געזאָגט, — אַז קאָלזמאַן איך לעב, וועל איך ניט לאָזן האַקן קיין ווענט!

* * *

באַנאַכט זיינען די אַלטע זעלמעניאַנער געשטאַנען אין פינצטערן הויף און אַרומ־געקוקט אויף בערען. דער הימל איז אין יענער נאַכט צוגעפּינטשטעלט געוואָרן בלויז פון ראַנגע שטערנדלעך. מען איז געשטאַנען איינגעוויקלט אין די פּאַטשיילעס, אָנגעטוקט אין די קאָלנערס און געהוסטעט, שעפּטשעטשעפּעט. אַרום האַלבער נאַכט האָט זיך באַוויזן בערע פון נאַס, מען האָט אים אַרומגענומען פון אַלע זייטן, צוגעשטאַנען און אָנגעהויבן צופּן:

— הער, וואָס האָסטו זיך אָנגעזעצט אויף אונדז, וואַלד־מאַזלען?
— לאָז אונדז שוין אָפּלעבן די יאָרן מיט די אַלטע לאָמפּן!!
— אַז מיר זיינען דיר מויכל די עלעקטריע!
— גענוג צו מאַטערן, ברודערקע, דעם אָרעמען קאָמטאַר!

בערע איז געשטאַנען צווישן זיי מיט אַ האַרטן דערשטיקטן האַלדז און געשוויגן. אויפן הימל איז געלעגן די לבֿנה. מיט אַ קילן שיין האָט זי באַלויכטן בערעס אַ באַק און די קאָסמאַרישע פּלייצעס פון די זעלמעניאַנער.

* * *

אינזשעניר פּרוי האָט אַן אַרבעטער אָנגעשיקט צו פעטער אישן, געבעטן אַ לייטער. עס האָט זיך שוין, אַפּאָנעם, אָנגעהויבן, אינמיטן הויף זיינען געלעגן אָנגעוואַל־גערט מאַשטיווים און בינטלעך דראָט. די אַרבעטער זיינען זיך באַגאַנגען מיט דעם זעלמעניאַנישן הויף אָן קיין שום האַסכאָמעס.

די זעלמעניאַנער גופא זיינען אַרומגעגאַנגען שטיל און מאַט, ווי ס'וואָלט געלעגן אין הויף אַ בוילע מעסוקן.

מען האָט געקוקט מיט ווייכע אויגן.

פעטער זושע האָט זיך אויסגעגרעצט פאַר זיין מאַטעריאַלן טישל און ניט באַוויליקט אַרויסצוגיין, געמיינט האָט ער, אַז דערמיט טוט ער עפּעס אָן ביין. דערפאַר האָט זיך אָבער פעטער אושע אַרומגעדרייט אומעטום, וווּ מען דאַרף און ווו מען דאַרף ניט, אַז די אַרבעטער האָבן געמוזט שרייען צו אים פון די לייטערס אַראָפּ.

אַרום דעמבעהויף האָבן זיך געקליבן קאַלטע יידן, באַטראַכט די זאַך, אַרומגערעדט ברייט דעם אויפטו פון עלעקטריע. יידן האָבן געזאָגט, אַז מען פאַרהאָטעוועט אומזיסט און אומגיישט אַ הויף, האָבן ווי איינגעפּאַקן אין דעם אַ פינגער פון געגוישעם. דערלעך זיינען געשטאַנען אַ גאַנצן טאָג.

אינגאָוועט האָט אַ ייד מיט אַ קאַטיקענעם בייטעלן אויפן קאָפּ, וואָס איז געווען ענלעך צו אַ הינטל, דערקלערט פאַר אַ רעדל מענטשן אין די מיליעס, אַז דעם טיטל פון

עלעקטרע, אָבער אַזוי טיף, אַז קיין לעבעדיקער מענטש האָט ניט פֿאַרשטאַנען.

ער האָט ניט געהאַט, קענטיק, דעם קוייעך פֿון האַסבאַרע.

שוין אַמאָל איז פֿון עטלעכע אויסגעוואַקסן דער פֿעטער יודע, און מאַממעס ער איז געווען א פֿילאָסאָף פֿון נאַט, האָט ער גענומען פֿון הינטן אַרום אויסטייטשן פֿאַר דעם רעדל מענטשן דעם סאָד פֿון עלעקטרע.

— נאַרישע ייִדן, וואָס פֿאַרשטייט איר דאָ ניט?—האָט ער שטיל געזאָגט,—איר האָט געזען דעם מויער מיטן קוימען באַם ברעג טייך, געזען? אָט אָ דער מויער פּאָמפּעט אין זיך אַריין וואַסער, קאָכט עס איבער אויף עלעקטרע, און שיקט עס פֿאַנאַנדער נאָכדעם איבער די דראָטן.

די ייִדן האָבן ניט פֿאַרשטאַנען.

— נאַרישע ייִדן, וואָס פֿאַרשטייט איר דאָ ניט?—פֿעטער יודע האָט זיך שוין געהייצט,—אַז מע קאָכט א טאָפּ אויפֿן פֿייער, ווייסט איר, פּאַרע, צי ניט?

— מע ווייסט.

— און וואָס איז עס אַזוינס פּאַרע, ווייסט איר? פּאַרע, דאָס איז באַלד רויך, און רויך איז באַלד פֿייער.

— וועט איר מאַכן באַלד האָבן דערפֿון עלעקטרע!—האָט זיך אַריינגעמישט דער ייִד מיט דעם קאָטיקענעם ביטל אויפֿן קאָפּ.

דעמאָלט האָט פֿעטער יודע א קוק געטאָן אויפֿן רעדל פֿון אַהינטער די שפּאַקולען, פֿאַרלייגט די הענט אויף הינטן און ער איז אַוועקגעגאַנגען. ער איז אַוועק, ווײַל ער האָט בעטעווע פֿײַנט געהאַט צו שפּאַרן זיך מיט ווילדע בהמות.

* * *

אין א פּאָר טעג אַרום, אָוונטצײַט, האָט זיך אָנגעכאַפּט די עלעקטרע. עס האָט א פֿלייץ געטאָן א דינער, פֿרעמדער שײַן איבער די שטיבער, אַרויסגעריסן זיך מיטאַמאָל אַדורך די פֿענצטער אין הויף אַרויס. מען איז געבליבן זיצן שטאַר און משוגעל.

שוין טאַקע קורצע שאָטנס, וואָס האָבן דורכגעלאָזט זיך געפּאָרעט אַרום די ווענט, זײַנען פּלוצלונג אויסגעקערט געוואָרן, ווי מיט א בעזעם, און פֿאַרשוווּנדן. די שטיבער זײַנען גראָמער געוואָרן און פֿרײַער.

יאָ. עס איז ווייט ניט קיין קלייניקייט געטאָן אויסטער אויף די עלטערע יאָרן און צוגעוווינען זיך צו נײַע עלעקטרע-שאָטנס, לאַנגע און שיטערע, וואָס קריכן אויף די ווענט.

דעם פֿעטער איטשעס שאָטן, למשל, איז א נאַכן ווינטער געלעגן מיט די פֿיס צום מאַשין און מיטן קאָפּ אויפֿן פּריפּעטשאָק, אויסער איז דער אויזן געוואָרן ניט און ווײַס, ווי אָפּגעקאַלכט, און דער שאָטן איז בײַבלאַל געלעם געוואָרן. עס איז געווען עפּעס א מין מאָרגנער האַרצווייטאָג. פֿעטער איטשע האָט פֿאָרזיכטיק אַרומגעזוכט דעם שאָטן פֿײַנעם, געזוכט פּאַוואָלינקעס, און קוים וואָס ער האָט אים דערטאַפּט, א פֿאַרוואָרלאָזטן און א פֿאַרטײַעטן, ערגעץ אונטערן טאַפּטשאַן.

די מומע מאַלקעלע פֿון איר ווייט איז לאַנג געשטאַנען אינמיטן שטוב, פֿאַרלייגט די הענט אויפֿן האַרצן, פֿאַרטראַכט אויף די קאַלטע פֿערעמלעך פֿון לעמפּל. שפּעטער צו ראַט זי א זאָג געטאָן מיט א וויפֿן:

— צו דער עלעקטרע וואָלט ניט געשאַדט זײַן אויף א פּאָר יאָר יונגער!

פֿעטער איטשע האָט ניט געענטפֿערט. ער איז נאָך אַלץ געווען פֿאַרטאָן מיט די שאָטנס, פֿעטער איטשע האָט נערוקט די מאַשין, איבערגעשטעלט די בענקלעך, פּליצ-

לינג האָט ער גענומען דעם לאָמפּ, אַוועקגעשטעלט אים אויפן קאַמאָד און צוגעדעקט מיט אַ פּאַפּיר. ער איז געווען צעבושעט. ער האָט אַ כאַפּ געטאָן דעם רעקל און איז אַרויסגעלאָפן אין הויף. דאָרטן האָט זיך געטאָן ליכט. די זעלמעניאַנער האָבן זיך אַלע געפונען אין די שטיבער.

ווי אַ ניגציקער זון איז ער אַריינגעלאָפן צו דער באָבע, און טאַקע צעדרעצייטש, ווייל דער באָבעס באַמיען האָט די עלעקטריע געטראָפן, ווי אַ דונער. זי איז געזעסן ווינ־טערדיק איינגעפעלצט און פאַרקניפּעלט, געקוקט מיט לויטע אויגעלעך אויפן לעמפּל, און אַז זי האָט דערזען אַ לעבעדיקן מענטשן, האָט זי געזאָגט:

— דאָ האָב איך שוין ניט וואָס צו טאָן, איך'ל שוין בעסער גיין צום טאַטן דיינעם...

פעטער איטשע איז באַטעמפּטע אַזוי צעטומלט געוואָרן, אַז ער האָט זי גענומען אָפּריידן:

— וואוהין וועסטו גיין אינדערפינצטער?..

מען מוז מודה זיין: פון דעמאָלט אָן איז שוין די באָבע באַשיע געוואָרן ווייט ניט קיין היגע, און, ווער ווייס, עפשער זיינען גערעכט די אַלע, וואָס מיינען, אַז זי האָט אַביסל פאַרשפּעטיקט מיטן שטאַרבן.

אַן אַנדער מענטש איז געווען דער פעטער יודע. ער איז געווען אַ פילאָסאָף און אַן אַלמען. פעטער יודע האָט געמאַכט דעם אָנשטעל, אַז ער באַמערקט ניט, קלומערשט, ווי ס'איז ליכטיק געוואָרן אין די שטיבער. געווען אַ כיטרער ייד. די עלעקטריע האָט געברענט און ער האָט זיך געפּאָרעט באַם וואַרשטאַט. פאַרענדיקט די אַרבעט, האָט ער דאַפּקע אָנגעצונדן דעם לאָמפּ און צוגערוקט זיך אַריינקוקן אין אַ סייפער, דערביי האָט ער שטאַרק געהויבן די שפּאַקולן איבערן נאָז, וואָס עס האָט געזאָלט באַטייטן, אַז ס'איז אַ פּעם נראָד היינט טונקל צווישן די שורות.

גיטקאָשע, דעם פעטער יודעס ווייב וועט מען ניט אָנהייבן קיין לעקטריע בימואלהו!

בייסעלע פעטער יודעס האָט געקוקט פונעם קאַמער אַף דערמאָדאָזיקן מעקטשאַגל, געבודעשט זיך, וואָס דער טאַטע האָט פלוצלינג געקראָגן אַ באַדערפעניש אַריינצוקוקן אין אַ סייפער. עס האָט אין איר געקאָכט אַ קאַטס. פעטער יודע איז געווען קאַלט־בלוטיק־רויק, געמאַכט מאָרנע האָוויעס, פונקט דער מענטש האָט פאַרגעסן די וועלט און איז שוין דורכוים פאַרטאָן אין גייסטיקע זאַכן.

דעמאָלט האָט זי ניט אויסגעהאַלטן. זי איז אַרויסגעלאָפן אַ מיטאַרעדע פון קאַמער און אַ בלאָז געטאָן אין לאָמפּ אַריין:

— טשעשטשעניער ייד, דו זעסט ניט, אַז ס'ע ברענט עלעקטריע?

פעטער יודע האָט גאַנץ קאַלטלעך פאַרמאַכט דעם סייפער, אַוועקגעלייגט אים אויפן קאַמאָד, און זיך אַוועק שפּאַצירן איבערן שטוב, צעזינגענדיק אַ ניגנדל, אַ כמאַריש ניגנדל.

* * *

אַזוי איז דורכגעגאַנגען די עלעקטרישע רעוואָלוציע.

דער הויף האָט פאַרלאָרן, אונטער די פאַרשיידענע ווייסע שיינען פון די קאָלערל־פענצטער, דעם געוויינטלעכן באַטאָגיקן פּנים. אין די טונקעלע ווינטע הויף־ווינקלען האָבן געלויכטן בלויע שיכער שניי. די עלעקטריע האָט מיט שיטערע פינגער אַרומגע־טאַפּט די ווענט, געוויטשערט אין די שטילסטע באַהעלטענישן, דערקראָכן אפילו אַהין, וווּ שטומע לעבער האָבן לאַנגע יאָרן געפעסט אינדערפינצטער און ניט געוווּסט פון שיין אפילו באַטאָג.

פעטער איטשע איז אַרויס פון שטוב, פאַרטשעפּעט זיך, צי קיינער באַמערקט ניט, נאָכדעם איז ער פאַרבייגעגאַנגען עפּעס אַ שטילן אָרט, צווישן דעם פעטער יודעס

שטוב און דעם שטאַל. אַמאָל איז דאָרטן געווען שטאָק פינצטער. איצט האָט ער פאַרבײַגײענדיק דערזען, אַז ס'איז פאַרשוווּנדן נאָך אַ באַקוועמלעכקײַט פון זײַן לעבן: דאָרטן האָט געלויכטן, ווי אינמיטן טאָג.

ער האָט זיך אַוועקגעדרייט אַ דערשראָקענער אינמיטן הויף, בײַז אויף דער וועלט און אויף די נײַע פּאַראַדקעס. מיטע העמדער־זשעקלעך זײַנען געקראָכן פון אונטערן אים, געפּליוכעט באַרג אַראָפּ און נאַס אַרײַן מיט אַ קילער קלינגערײַ. שטייענדיק אין שאָטן, האָט ער באַמערקט, ווי פעטער זישע איז אויך אַרויס פון שטוב. נעבן שטאַל האָט, ראַכט זיך, נאָך עמיצער — אַ דריטער — געהוסט.

* * *

עס איז געווען אַ שטילע נאַכט, אַף אַזוי שטיל, אַז מען האָט געקענט הערן די עלעקטרישע שטראַלן אַפּן ברוק. די שטאַרקע ליכט־פלאַמען זײַנען געלעגן אין דער פעטער פינצטערניש, ווי באַלאָפּים אין אַ שוואַרצער שייד.

די דרײַ זעלמעניאַנער האָבן אַרומגעבלאָנקעט איבערן הויף, אויסגעמיטן צו טרעטן איבער די עלעקטרישע שנירן, וואָס זײַנען געלעגן איבער דער ערד, ווי פרישע באַנדאַזשן אַרום רעב זעלמעלעס יערושע. די דרײַ זעלמעניאַנער האָבן געשנײַצט די נעז פון רויטע און געכאַפּט פון צײַט צו צײַט אונטערהאַלטונגען מיט יענעם אידעלן הנחשען, וואָס איז אײַנגעטײַמלעך בלויז פאַר אַט דער מישפּאָכע. זײ האָבן זיך באַגעגנט נעבן זישעס גאַניק, געשטאַנען לאַנג אײנע נעבן די אַנדערע, געגלעט די בערד און געשוויגן.

— אַ וועלט, האַ? — האָט סאָפּקאָלאָף ניט אויסגעהאַלטן פעטער איטשע.

פעטער יודע האָט אַף אים רעטעדיק אַ קוק געטאָן אינטערעסירטער, פון אונטער די שפּאַקולען, און געענטפערט:

— איז שוין ניט גלײַכער, אַז מען ליגט אינדערערד?

דאָס האָט ער געמיינט די מומע העסיען, וואָס איז שוין בעמעס געלעגן אינדערערד.

בלויז פעטער זישע איז געשטאַנען רויִק, געצויגן אַ האָר פון באָרד, און אַפילע איצטער האָט ער אומעטיק געשמייכלט:

— לײַטישע קינדער!

פּונקט דעמאָלט האָט זיך פאַליע אַראָפּגעכאַפּט פון בעט אין הוילע מאַלבושים, אויסגעטרונקען דרײַ קענדלעך וואַסער און אַוועק צוריק שלאָפן.

## 7. ווײַטער וועגן עלעקטריע.

(פאָרזעצונג).

די עלעקטריע האָט געשײַנט. ווען רעב זעלמעלע קריגט אַ מעגלעכקײַט קומען צוריק אַהיים, וואָלט ער דורכגעגאַנגען פאַרבײַ און אַוועק ווײַטער, וואָרעם ער וואָלט זיכער געמיינט, אַז דאָ וווינט „גאָסשטאַלסטווע". די שטאַלן, לאַנגע שטיבער נעמען זיך אָן יעדן אָוונט מיט דעם קאַלטן פײַערל, און בלײַבן ליגן אינדערפינצטער, מיט די קרענקלעך־באַלדערנע פענצטערלעך, ווי באַלאָנים וואָס שוועבן לאַנג דורך אַ טרײַבל.

עס זײַנען אַרומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז אין פאָרשטאַט שיקט מען אָפּ די ערגסטע עלעקטריע, אָט דאָס, וואָס בלײַבט איבער אַפּן דעק פון קעסל. די יעדיִע האָט מוירעדיק אָפּגעשראָקן די זעלמעניאַנער, און אויב עס איז עמעס, זײַנען זײ געווען גערעכט אויכעט, וואָרעם ס'איז דאָך אַזוי — ניט עלעקטריע, נאָר גיב נאָטע. עס איז שוין אַפילע געבליבן אַ העסקעם, אַז די מומע מאַלקעלע זאָל זיך אַראָפּכאַפּן צו פּערען און אָנזאָגן אים אויף די קריוודע, וואָס מע באַגייט לעגאַבע די זעלמעניאַנער. זי האָט זיך אָבער דעמאָלט איבער-

שפּאַרט און בעשעמעווען ניט געוואָלט אויסשפּילן די שליבעס, קומט זי צוליב אומפּאָר-שטענדלעכע טעמים:

— אַלעמען,—האָט זי געטענהט,—דאַרף איך עס אַלע מאָל זען די קאַפּאָרע-הינדל?

עס האָט זיך אָנגעהויבן דעמאָלט ,ווי א מין עלעקטרישע קאַראַכעס. די יונגע זעל-מעניאַנער, פאַרטאַפּט פון בעדעס אויסע, האָבן געצווונגען צו זיך אין די צימערן „אילי-טשעס לעמפּלעך". מע איז אַרומגעקראָכן איבער די פּיַבטע ווענט, איבער די דעכער, געוויקלט דראָטן, געהאַמערט, פּונקט, לעהאַוודל, אַמאָל ערעו סוכעס. עס האָט זיך עלעקטריפיצירט דער הויף ביז צו די פונדאַמענטן. שרעדער זעלמיאַנער איז געלאָפן מיט א האַמער אין האַנט, מיט שרויפן אין די קעשענעס, מיט עטלעכע דראָט, און פאַלקע די-פעטער איטשעס האָט אויסלעבן געליטנט די וואָך, וואָס ער האָט צו טאָן, די עלעקטריע האָט שוין אפילע געשפּריצט פון די אויגן.

און די שוואַרצוועכעדיקע, פאַרשטאָפּטע געבט, ביים די קעראָסין-שטיבער האָבן זיך געוויקלט אין די ערשטע פרילינגדיקע געווישטן, האָט פלוצלונג דער רעבזעהויף אויפגעלויכטן ווי א וואַקזאַל.

שכנים האָבן זיך א לאָז געטאָן צו די פענצטער מיט גרויסע אויגן און געוווּנדערט זיך:

—הערט, קרוינדעלעך, צי זאָס מאַרא גדולע מענטשן קענען עס דערלאַנגען!

* * *

דער אַלטער מוטער איז געשמאַכען פיל אָנגענאָמען מיט עלעקטריע, ניט קיין וונדער, און אים האָט געמחשבהרעוועט א גרויסע קראַפט, פאַלקע דעם פעטער איטשעס אליין, וואָס ווען אים זאָגט מען, אז מיט א שטיקל ברויט און עלעקטריע איז ער בעקוועם אָפּ-צולעבן א גאַנץ לעבן.

פאַלקע האָט געוווינט אין מויער, און א באַזונדער דירעלע, בעשוטפעס מיט צאַלקע פעטער יודעס, און אין דעם זכות איז דער מויער עלעקטריפיצירט געוואָרן פונויבן ביז אונטן מיט דער שענסטער עלעקטריע.

ווען די זעלמיאַנער צווי יחנגעליטש ליגט זיך אָפּצושטעלן אביסל-בעגריער.

ווער איז פאַלקע דער פעטער איטשעס?

ער איז אַן אַרבעסקאַווען. די לאַנגע מאַטשהאָר קריכן בא אים אַרויס פון אונטערן היטל. א וווילער יאַט. ער האָט געגעבן פון זיך צו ווייזן און קומפּעט נאָך. אַף דער וועלט איז ער אַרום מיט א געשריי. צו א האַלב יאָר האָט ער זיך אָנגעשריען א פּיפּיק. צו פינף יאָר האָט אים א מאַמזאַר אָפּגעבריט. צו דרייַצן יאָר האָט מען אים צע-שפּאָלטן א ליפּ. טאָג און נאַכט לויפט ער אַרום אין בערעס אַן אַלטער אָפּגעטראָגענער קורטקע, מיט א ביבל אונטערן אָרעם, און שלינגט די וועלט. ער איז פאַרהאַוועט פאַר אַלע זעלמעניאַנער איניינעם, און שטאָב האָט ער א קעמטל מיט אייזנס, האַמערס, שרויפן, דלאָטעס. ער פאַריכט אַליין שיך. ער בעקוקט אַליין דעם הויף. ער שטעלט אַליין אַרײַן שויבן, ער היטעט אַליין דעם דאַך. איצט האָט ער גענומען טראָגן און שטאָב האַלבע, צעבראָכענע בירפלעשלעך, וואָס ער ניסט זיי אָן מיט עפּעס א בלויען וואַסערל און ווייקט אין דעם שטיקלעך קופּער, קוילן, אייזנס.

און ווער איז צאַלקע דעם פעטער יודעס?

צאַלקע דעם פעטער יודעס איז א געבילדעטער, פאַרקוקט אין די ביכלעך, ער טראָגט א שטופּרינע פאַרקאָמט אַף א זייט, ווי א נחאָבנע פייע, מיט ברילן אַפן נאָז.

ביים צאַלקע ניט אַמאָל אַרויס פון טאַטקען, פרעגט אומדיק דער פעטער זושע:

— וואָס האָט דאָ געטאָן בײַ דיר אָט דער?

קײן נאָמען, אַלטע, ווײס ער ניט.

דער פעטער זישע וויל זיך בעשום־אופן ניט מעשאַדעך זײַן מיט די זעלמעניאַנער (אַ זעלמעניאַנער האָט פײַנט אַ זעלמעניאַנער):

— גענג פאַר מיר, — זאָגט ער, — וואָס מײַן ניטע איז אַרײַנגעפאַלן צו אָט די גראָבע פליגלען!

צאַלקע האָט נאָך דערצו די מיטעלע טירע, וואָס ער נעמט זיך פון צײַט צו צײַט דאָס לעבן. אַלע שפּאַלטן זיך דעם קאָפּ, פונוואַנען קומט עס צו אים, וואָרעם זעלמעניאַנער לעבן צו הונדערטס יאָר און מער. דער זעלמעלע האָט זיך אַ לענגערע צײַט אַרומגע־דרייט אָן אַרבעט און איז פונדעסטוועגן נאָך אַלץ ניט געשטאָרבן.

ווײַס מען טאַקע ניט, פונוואַנען דאָס קומט צו אים.

* * *

דאָס דירעלע, וווּ זיי וווינען, האָט צוויי נאַקעטע פוסטע צימערן. אין פאָדערשטן צימער הענגען אַ פּאָר קאַרטענע הויזן אַפן וואַנט — דאָ וווינט פאַלקע. אין צווייטן צימער איז שוין דאָ אַ טישל, אַ עטאַזשערקע מיט ביכער, אפילו אַ טשײַניק און אפילו אַ נאַכט־טעפּל — דאָ וווינט צאַלקע.

אַרום דעם דערמאָנטן נאַכט־טעפּל איז, אַגבֿ, אַמאָל אין מיטן נאַכט פאָרגעקומען אַ שאַרפע מאַכלוקעס, און דערויבער לוינט זיך שוין אויך אַפן נאַכט־טעפּל אָפּצושטעלן גענויער.

* * *

ס'איז געווען אַ ליפּוואָנע־נאַכט. צאַלקע האָט אין טיפן שלאָף דערהערט, ווי עמיצער באַנוצט זיך מיט זײַן אײגנטום. ער איז אַ דערשראָקענער אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט און דערזען, ווי אין קילן שײַן פון צימער שטייט פאַלקע אין די אונטערהויזן, איז ער צו אים צוגעלאָפן און מיט אַ פאַרשטיקטן קול אויסגעשריען:

— פיטשקאַנטראַפּעס!

דאָס האָט געדאַרפט באַטײַטן, אַז פאַלקע שטעלט מיט זיך פאָר אַ פאַרצײַטיקע מאַלפּע, וועלכע האָט נאָך ניט אין זיך קײנע שפּורן פון קולטור. פאַלקע האָט זיך אָבער ניט פאַרלאָרן און מיט נאָר די שפּייעכץ אין מויל האָט ער אַ געשריי געטאָן אויף צוריק:

— קלײנבירגער!

און דאָס האָט שוין באַטײַט, אַז צאַלקע לעבט נאָך גאַנץ שטאַרק מיט די האַסאָגעס פון קלײנבירגערטום.

דער סיכסעך איז אַף מאָרגן ליקווידירט געוואָרן. צאַלקע איז אין נאַטור גאָר ניט געווען אַזאַ שלעכטער. די קריגערײַ אינמיטן נאַכט איז פאָרגעקומען ריין אויס היגיענישע טעמים.

* * *

בכלל האָבן זיי צווישן זיך קײן באַזונדערע אינטערעסן ניט געהאַט.

צאַלקע פלעגט אַמאָל סימבריענען באַנאַכט אַ „קאַזאַ האַזאַטשער", אַרײַנגעאַנוועגן זיך אין צימער שטולערויש און הונגעריק, מיט אַ מאָגערן פײַערל אין די אויגן, אָפּזיצן אַזוי איבער דעם צעקנאָדערטן בײַטל ביז באַגינען. ער האָט געשאָפט די

גרינלעכע דיקע פלעשער, געקליבן נאכעס פון אויסיעס, ווערשער, פאסיקלעך, וואס איז נאטור צופעליק פאר אן איינפאכן מענטשן.

דעמלט איז זיך פאלקע געלעגן אין צווישן צימער צעשלײַדערט איבערן בעט, די קאלדרע אראפגעריקט, און מיט דער שטענדיק פארליבטער נאז צוגעפייפט ניגונים צו זײַנע באלויטעס, ווי אזוי ער דרעקט דעמבער אין לענינגראד, ווי אזוי ער ציט עלעקטריע איבערן דניעפר. פאלקע פלעגט אמאל שרײַען פון שלאף אויכעט.

* * *

די פאר פילאסאפן האט מען געבעטן מעבלירטע אפאראטן די רירע, וואס זיי פאר־נעמען אטאמיסטיש־אומגעישט, ווײַל איצטער דארף ביילע האבן אן ארט, ווו צו פארלײַגן א נײַעם דאר זעלמעניאנער. בײַלע האט שוין אפילע אײַנגעקויפט צו דעמדאזיקן צוועק א בעט, א סאמאוואר און א בארשט אף וואשן די פארלאגעס. פאר זיי, פאר די יונגע־לײַט, האט מען אפגעגעבן בײַלעס צימער, אגטן, בא דעם פעטער יודען אין שטוב.

פאלקע האט צונויפגענומען די האלבע בירעפלעשלעך, די שרויפן, די הויזן און זיך איבערגעקרוישקעט. דערנאך האט ער שוין אויך אראפגעשלאגן צאלקעס עטאושערקע ביכער.

בא פעטער יודען אין שטאב האבן זיי זיך געפילט אין אנהויב אביסל געקלעמט.

פעטער יודע, אז ער בלײַבט אמאל שטיין אינמיטן שטוב מיט דעם הובל אין האנט און ווארפט ארויס צו עמעצן די הייסע אויגעלעך אריבער די שפאקולן, ווערט יע־נעם קולבלעך אף דער נעשאמע. פעטער יודעס בליק באטײַט, אזוי צו זאגן:

— דו, שלימאזל, ווי לאנג וועסטו פוסטעפאסטעווען?

— גזלען! דו מיינסט איך ווייס ניט, אז דו ביסט א גזלען?

האבן זיי געפירט שטאט, און קערווי אז סמײַדן זייערע ביסטרע בליקן—געקוקט פאוע. אנומלטן, פאראכטאבט, באם אפדרייען די עלעקטרע, האט זיך בא פאלקען באוויזן א פרייע מינע, איז עס פעטער יודען נרײַליך ניט געפעלן געווארן; ער איז צוגעגאנגען צום טיר פון קאמער און אריינגעזאגט:

— און איר מיינט, מאקע, פערדן, אז די עלעקטרע פאסט צום הויז?

* * *

ווען פעטער פאליען איז די זאך אזוי:

ער האט טבילעס געמיינט, אז די עלעקטרע אין רעבזשהויף האבן אריינגעפירט די באלשעוויקעס, איז ער געווען צופרידן, וואס מע האט זיך ענדלעך גענומען צו די זעל־מעניאנישע יארן. עס איז קלאר, אז עלעקטריע איז א קארנאנע זאך, ווארעם מע ציט עס אראפ פון די פארצעלײַענע טעפעלעך אף די סלופעס, פון אט די סלופעס, פון אט די טעפעלעך, וואס ניבן אפ פון אלעמאל מיט טעלעפע־ארדענונג.

פעטער פאליע האט אנגעהויבן א פאראדרעדונג, אז ווען ער געפינט זיך אף דער ארבעט, זאל מען די עלעקטרע אין שטוב ניט ברענען; ווײַל ווײַב מאר זיך ביכלאל ניט געפינען אין די דאלערשאמעס פון עלעקטרע — ס'איז ניט פאר קיין חײַבעריטשן סיכל. בלויז מאטעלע דער שווארצער מעג אמאל, בא דער אנוועזנהייט פון טאטן, א דריי טאן דעם שטעפסל, ווײַל פעטער פאליע דארף מאטעלען פאר א נעראטענעם יינגל און האט אים ליב.

בא דער ארבעט האט דער בויערער פעטער פאליע א זאג געטאן צו שראבים דעם קרושקן:

– קום אַרײַן אַמאָל צו מיר, טראָכים, מיר וועלן אָנצינדן די עלעקטריע און אַביסל פֿאַרברענגען!

– הערסטו, וואָס וואָמטשו צו אים!—האָט זיך טראָכים פֿאַרווּנדערט—ווער האָט עס בײַ דיר אײַנגעפֿירט עלעקטריע?

– וואָס הייסט, ווער? מע ווייס ווער—באָנגאַ!

אין יענעם טאָג האָט מען דעם פֿעטער פֿאָליען אָפֿן דערזען פֿאַרחידושט. ער איז אַוועק אַהיים פֿינצטער, ווי די ערד. באַלד האָט ער גענומען דאָס הויז אָפּן פֿאַרהער. עס האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז די עלעקטריע האָט אײַנגעפֿירט בערע, און שוין היפּשע וואָכן, ווי בײַלע פֿעטער ווײַדעט ניט אַרום מיט אַ מײַנע, אַלעמען די זעלמעניאַנער האָבן זי בײַ־דילאַדאָל געשטעלט, אַלעמען איינס, עפּעס נאָך דער מאַמע, האָט זי שוין ניט פֿון חאַנען צו לעבן.

פֿעטער פֿאָליע האָט דערמאָנט אָפּגעגעבן ווײטשעריע פֿאַר אַ לאָמפּ.

שטאָלענע טעג איז ער אַרומגעגאַנגען שווײַגנדיק און געטראַכט אַמאָליקע בײַזע פּליי־נער. ער האָט אַרויסגעקוקט דורכן פֿענצטער אין הויף אַראָפּ און געטראַכט:

– ניט דערהערן וועלן די זעלמעניאַנער—פֿאָליע זאָל דאַרפֿן צו זיי אָנקומען!

און די חאַנצן האָבן זיך בײַ אים געערט, ווי בײַ אַן אויסגעהונגערטן קאָטער.

זונטיק, אינעם ערשטן פֿרילינגדיקן דינסטאָג בײַם די זעלמעניאַנער זײַנען אַרויס לעמנגע איבערן הויף, האָט ער צוגעשטעלט אַ לייטער צו זײַן פֿענצטער און מיט'ער און גענו־מען שנײַדן די עלעקטרישע דראָטן. ער האָט געבראָכן די פּאַרצעלײַענע איזאָליאַטאָרס. די זעלמעניאַנער האָבן אויסגעהערט אַ גרויס געפּילדער, האָבן אָבער מורא געהאַט פֿאַר־משפּטן זיך מיט דעם רעבעלע. פֿאָלקע פֿעטער איטשיעס איז דערמאַנט אַרויסגעלאָפֿן מיט אַ רעוואָלווער גלײַך צו אים:

– הערעדיוטשל, אַראָפּ! איך שיס!

און ער האָט ניט געשאָסן, טאָמער פֿעטער פֿאָליע איז ניט אַראָפּ.

– דו, די וועסט בײַ מיר פֿאַרשוואַרצט ווערן אין די טורמעס!—האָט פֿעטער איטשע אַראָפּגעשריען צום לייטער.

– ער וועט זיך נאָך דאַרפֿן אַ מיטע אָנטאָן,—האָט מען געקרעכטשעט.

פֿעטער פֿאָליע האָט זיך ניט אומגעקוקט, געטעמט איינבן מיט דער פּלייצע צום הויף און קאַלטבלוטיק אַרויסגעשניטן די האָגנס פֿון דער עלעקטריע. ער האָט זיך געקליבן אויסראָטן די זעלמעניאַנישע טויווע פֿון גרונט. דאָ האָט פֿעטער זישע, פֿון שטיב אַרויס, אָנגעקלאַפּט אין שויב און צוגערופֿן אַ זעלמעניאַנער. ער האָט צו אים אַזוי געזאָגט:

– וואָס שווײַגסטו מיך, זאָל מען אַרויסלויפֿן נאָך פּעריען!

האָט מען לויטעט־באַשטאָנען בײַ אים אַ פּעטיציע נאָכאַמאָל:

– און דאָס, וואָס מע וועט זיך אָנהייבן אַ באַטאַליע, איז נאַרישטש?

פֿעטער זישע האָט זיך, עמעס, אַביסל פֿאַרטראַכט, אָבער ער האָט געענטפֿערט, אַז מ'איז נאַריש, און מען איז אויסגעפֿאַלן נאָך בעסער.

די ווײַבער האָבן זיך שטילערהייט אויסגעגלאָזן איבערן הויף צוגעטמען פֿון אויטערן דאַנק די אַלע דערנער און שטיינער. פֿאַרט ווי מע האָט, אײַנגעבלוט. מען איז אויך אַראָפּגעלאָפֿן אויף שטיקאַווערס אַ קוק טאָן אין גאַס, צי שטיינים, לעמאָטל, ששויבן זיך אַמאָל ניט אָן, וואָס מע דאַרף דאָ באַלד פֿאַסירן אין רעוואָלוציע.

און פֿעטער פֿאָליע איז פֿאַרבליבן קאַלט צו דער זאַך. ער האָט געקוקט אַרום זיך מיט אַ וואַסערדיקן בליק, פּונקט צו אים איז דער אַנייען קלאַל ניט שייך. אַ זויטיקער סיגנאַל. און אַז ער האָט אַרויסגעריסן אַלץ פֿון די ווענט, איז ער פֿאַמעליך אַראָפּ, בײַ

טראכט טאָמערס פֿונגטן, צי ער האָט דורכגעפֿירט די אַרבעט בײַשליסעם, און זיך גע־שטעלט גלײַך מיט אַלעמען װאַרטן אַף בערען.

װאָל מען ניין זען,—האָט ער אָנגעזאָגט הורך דער װײַב,—צי ער געפֿינט זיך ניט אין דער קיך נומ. 9.

* * *

בערע האָט זיך באַװיזן אין הויף מיט דעם הארטן קאָפּ אַריס, געשטעלט האָט ער פֿאַמעליעכע און ברייטע טריט, װי ער װאָלט זיי געשלעפּט פֿון א װײַטנס. אַזוי טאָג האָט מען נאָך בײַ אים קיינמאָל ניט געזען. פּעטער פֿאַליע האָט, קענטיק, פֿאַרשטאַנען, װאָס אַזוי הײַליך באַטײַט, האָט ער אָפּגעשפּילט דעם רעקל, װי פֿאַרזשלאָפֿענהייט, און אַראָפּ־געשאָרפֿן אים געבן זיך. ער איז רויק געשטאַנען נעבן מויער און געװאַרט. בערע איז גע־גאַנגען א שטומער גלײַך אַף אים, צוגעגאַנגען גיך געײַלט, און עפּעס װי פֿון זיך אַליין האָבן זיך אײַנגעשפּאַרט װײַסע קעפּ אַזוי, און די רויטע קערק האָבן זיך אַרויסגעדריקט. מען האָט געפּרוּװט די קױכעס. מיטאַמאָל האָבן א קנאַק געטאָן די שטערנס.

— הערט אויף—האָבן זיך פֿאַנאַנדערגעװיינט די װײַבער,—הערט אויף!

אָבער עס איז שוין געװען צו שפּעט. זיי זײַנען געשטאַנען צונויפֿגעשטעמט מיט די שאַרבנס, געכאַפּט זיך פֿינגטן פֿאַר די הענט מיט אַװעקע קאָפּ, װאָס האָבן אַרויסגע־דרייט די ביינער.

פּעטער פֿאַליע האָט פּלוצלינג א װיפֿין געטאָן, און בײדע האָבן זיך אױפֿגעקײַקלט איבער דער ערד. קיין קלעפּ האָט מען נאָך אַליין ניט געזען, האָמאַס בײַ בערען האָט שוין גענומען רינען בלוט פֿון אַן אויער. בערע איז געלעגן, װי א בערװענע, פֿונװײַבן און גע־שטופּט אַף אַנטער זיך מיט די פֿויסטן, און דערײַבער האָט קיינער ניט געקענט װיסן, װאָס ער האָט דאָרט צעמאַכט פֿונעם פּעטער זײַנעם.

עס האָט טאַגן היפּש געדויערט. ביסלעכװײַז איז אַרויסגעקראָכן דעם פּעטער פֿאַליעס פּליוצע און מע האָט דערזען, אַז די גאַנצע העמד זײַנע איז אין בלוט. רעמלט האָט זיך בערע אָפּגעהויבן.

פּעטער פֿאַליע איז אױפֿגעשטאַנען מיט אַ צערײַבענעם פּנים, און אײג אַ פֿאַרלאָ־פֿענע, װי א פֿויסט. ער איז צוגעגאַנגען געלאָפֿן צום רעקל, אַראָפּגעװאָרפֿן אים אַף די אַקסלען, און אויסגעצויגן טאָמערס צו בערען א דראָטעריקן פֿינגער:

— קיין עלעקטריע, מאַמזער, װאָלסטו בײַ מיר שוין ניט אײַנפֿירן!!

און ער איז אַרויף אַ צופֿרידענער צו זיך אין שטוב. די מימע מאַלקעלע איז באַלד אַרויסגעלאָפֿן מיט א בעזעם, אָפּגעקערט דעם אָרט, װו זעלמעניאַנער האָבן זיך געשלאָגן, און דערמיט האָט זיך דער אינצידענט פֿאַרענדיקט

## 8. אָנהויב װעסנע.

רעמלט, אָנהויב װעסנע, האָט אין הויף געטראָפֿן א מעשה.

סאָניע דעם פּעטער זישעס פֿון פֿאָלקאָמפּין איז אַרויף אַפֿן הויף מיט עפּעס א גרויסן מענטשן, װאָס האָט געשטעלט שװערע, הויפּטזעכלעכע טריט, און װאָס איז נאָכדעם קוים אַריין צו פּעטער זישען אין דער נידעריקער ט.ר. ער האָט געזאָגט דעם ברייטן „הויען דאָבריי" און באַלד נאָכגעגאַנגען סאָניען אין דעם צװייטן צימער אַריין.

פּעטער זישע האָט רעמלט אויסגעטאָן די הינטערמאַטערישע שפּאַקטיװו, אויסגעקי־רעװעט זיך געלאָפֿן צו דער מומע גיטע און מיט דער נידעריקער שטימע גענומען קוקן איר אין די אויגן אַרײַן. די פֿאַרשפּילטע מומע איז געזעסן בײַם פֿענצטער, די הענט

אַפֿן האַרצן, און גראָד דורכגעמאַכט איר נאָכמיטאָג שווײַגן. אַזוי אַרום האָבן די דעמלט אויף שטומלאָשן דורכגעשמועסט פּאָלטעריקן געשפּרעך. פּעטער זישע וואָגט אויף שטומלאָשן לעפּיעריק אַזוי:

— ניטע, דײַן טאָכטער געפֿעלט מיר ניט!

די מומע גיטע שווײַגט, אָבער פֿאַר איר איז עס דאָס איינציקע, וואָס געהערט.

זאָגט פּעטער זישע ווײַטער:

— זײַ וויסן, מײַן ווײַב, אַז שולדיק אין אַלעמען ביסטו!

די מומע גיטע שווײַגט, אָבער פֿאַר איר איז עס דאָס איינציקע, וואָס געהערט.

דעמלט זאָגט פּעטער זישע:

— זאָג מיר, ווי קומט עס ניט אַ מאַמע, וואָס עס טוט זיך בײַ איר אונטערן נאָז?

אַזוי האָט ער זי אויסגעזידלט.

נאָכדעם איז פּעטער זישע אַרויס אין הויף באַקוקן די באַלעבאַטישקייט; צי דאַרף מען ניט אַמאָל פֿאַרקריכן אַ שויב, דערהויפּט אין יענע פֿענצטער, וואָס גייען אַרײַן צו סאָניען אין דער האַלבער שטוב. ער האָט מײַסטע באַלעבאָס באַטאַפּט די לאָדנס. אַרומגעקוקט גרינלעך פֿאַרזאָרגט די פֿענצטער און אויסגעפֿונען, אַז דער ברייטער נאָגל איז טאַקע גאַנץ הײַנטלעך פֿון אַ ייִדן.

סאָניע האָט זיך אַביסל פֿאַרשעמט פֿאַר דעם טאַטנס אויפֿירונג, נאָר מען איז שוין קענטלעך, געווען איינע מענטשן, האָט מען זיך שטילערהייט אונטערגעלאַכט וועגן די זײַטן פֿון דעם קליינבירגער, וואָס זײַן ניטעריקייט איז אין לעבעניער.

דער פּעטער איז שוין דעמלט צוריק געזעסן מיט דער גרויסער שפּאַקטיו און אַרײַנגעריקט דאָס אויג אין די געדערים פֿון אַ פֿאַרשטויבטן זייגער, געבלאָזן בלויז מיט דער נאָז, שטום און פֿאַרבײַזערט אויף דער גאַנצער וועלט.

דער הויף ווייס ניט פֿון קיין סוידעס. די מומע מאַלקעלע האָט פֿאַרבויגן אַ פֿינ-גער אין מויל, פֿאַרקוועטשט אַן אויג און די צווייטע אויפֿגעלאָצט צו פּעטער אישען, האָט ער באַלד אויפֿגעהערט רעדן אויף דער נײַמאַשין. עס איז אים אײַנגעפֿאַלן, אַז צאַלקע האָט זיך האַכמאָנעליצלאָן אָנגעטאָן אַ מיטע, האָבן ער, פּעטער אישע, לויערט שוין פֿון לאַנג אויף זײַן יעטווידן טראָט.

פּעטער אישע איז אַרויס אין הויף.

זעלמעניאַנישע שניר, שוין מיט נײַע רעב זעלמעלעך אונטער די הערצער, זײַנען געשטאַנען בײַ די שוועל, געשושקעט זיך און קלוימערשט געזיפֿצט:

— וואָס איז דאָ צו רײדן, אַן עמעסער גוי!

דער באַרימטער פּעטער אישע, וועלכער איז געווען דער גרויסער זו־צלינג צווישן ווײַבער, האָט געפֿרעגט:

— פֿונוואַנען נעמט איר, אַז ס׳איז אַ גוי, ווײַבער?

ער האָט פֿאַרשטעקט די נאָדל אין קאַמיזעלקע, אַ הויב געטאָן די הויזן, און אַוועק פֿאַרבײַ די פֿענצטער. דאָס רעדל אין הויף האָט גענומען וואַקסן. דער שוואַרצער מאָטעלע האָט זיך אַפֿילו אַ כאַפּ געטאָן פֿאַר אַ בײַשטעטל און גענומען ווינקען צו סאָניען מיט אַ מאַמזערישן אויגל, אַז ער פֿאַרשטייט שוין, קלוימערשט, יאָ, צוליב וואָס זי האָט געבראַכט אין שטוב דעם גרויסן מאַנסביל.

מען האָט געוואַרט ווי זיי וועלן זיך ווײַזן צוריק פֿאַרן שוועל.

דעמלט האָט זיך פּלוצלינג באַוויזן אויפֿן גאַניק דער פּעטער זישע, די הענט האָבן בײַ אים אויס געציטערט, און ער האָט אַ זאָג געטאָן מיט אַ טרערנדיקן קאָל:

— גראָבע פּלוגלען, וואָס איר זײַט, אַ לײַטישער מענטש וועט זיך באַלד שוין ניט קענען באַווײַזן אין הויף.

פּעטער ווישע האָט, נעבעך, געמאַכט דעם אָנשטעל. עס איז אים געווען נעבעך ביטער אַפֿן האַרצן.

* * *

באַנאַכט האָט ער זיך שוין לעמאַלע ניט געלייגט שלאָפֿן, געזעסן אַ האַלבע אויסגעטאָנענער אַפֿן בעט און געוואַרט. ער האָט געוואַרט אויף דער שווינער שאָבטער מינוט. ווי נאָר מאַניע האָט זיך אַריינגעטאַנצט שפּעט נאָך האַלבער נאַכט אין שטוב אַריין, האָט ער זיך גלייך אַ הויב געטאָן:

— הער דו, יאַמאַשטשיניצע, — האָט ער געזאָגט, — דו זאָלסט מיר ניט ברענגען קיין גוים אין שטוב. דו הערסט, וואָס איך זאָג?

פּעטער ווישע האָט זיך צעוואַרעמט:

— שלאָגבע דו!

אָבער שוין דערנאָך אומגעריכט האָט אים אַ שלאַג געטאָן די כולשעם צום האַרצן. פּעטער ווישע האָט זיך פּלוצלונג אַראָפּגעזעצט אַפֿן בעט, געל און האַרט, מיט אַן אָפּגעשטאָרבענער נאָז.

די לאַנגע מומע ניטשע האָט זיך אַ הויב געטאָן פֿון אונטערן קאָלדרע, ווי אַ שטראָשידלע אין פֿעלד. פֿון שרעק האָט זי אויפֿגעריסן אויף דעם מאַנסבילישן קול. זי האָט געגומען קאָכן טעפּ, שלעפּן הייסע שיבער צום בעט.

מאַניע איז געלאָפֿן נאָך אַ דאָקטער.

פּעטער ווישע איז זיך געלעגן, ווי אַ מענטש, מיט אַ צעבראָכענעם געלן האַרצן, און מיט דער פּירקאַנטיקער פּאַרקאָשערטער באָרד אויף אַרויף. ער האָט פּאַמעלעך גע־עפֿנט אַ נייסע, האַרטע בריעם אין באַלד אַ טראַכט געטאָן:

— וואָסי, זיי קענען דען שטאַרבן אַ מענטשן?

* * *

אינדערפֿרי האָבן געזונגען פּראָסטע פֿייגעלעך.

ס'איז שוין שאַקע טיף פֿרילינג. טע־הייסע, קלאָרע, אָנגעזעטיקטע. אין הויף שפּילט די זון, ווי אַן אָנגעגליטער אייזן, ווי נאָר אַ שויב, שפּריצט זי מיט טונקעלע שטראַלן. שטיל. אויב עמיצער וויל, קען ער אפֿילו הערן, ווי די קראָפּעווע וואַקסט בײַ די ווענט. (קיינער וויל עס, לײַדער, ניט הערן). אין רעפּבורעוק איז הייסער ווי אומעטום. די זון באַקט מיט אַ קלינגעריי.

ווי האַלט עס מיט פּעטער ווישען נאָך דעם געמטיקן מאַלעשן? נאָכפֿרעגן זיך אויף פּעטער ווישעס געזונט טאָר מען ניט, דאָס ווייסט מען, אָבער אַריינקוקן דורכן שויב איז דאָך דערלויבט יעדערן. אַרום פּעטער ווישעס פֿענצטער איז שטיל. דאָס פֿאָרהענגל איז אַראָפּגעלאָזט, — די איינציקע שטומע, צוגעשלאָגענע פֿענצטער אין רעפּבורעוק, וועלכע האָט ניט, אפֿנים, וואָס צו זאָגן.

* * *

ס'איז אַרײַן דער פֿרילינג אין גרעך, הייסע שטילע נייען אַרום איבערן הויף פֿון אומעטום, פֿון די אָפֿענע פֿענצטער הערט מען מאָרגנס אומפֿאַרשטענדלעכע רייבורים:

ששום נאָם. 1.

די אָנפֿירונג מיט דער באַוועגונג קומט פֿון דער קאַבינע 6. טראָם 8 גייט אַדורך דער ראָד 7, וואָס ווערט געטריבן דורך אַ דאַמפֿמאַשין. דער אָנפֿירנדיקער טראָם 9 גייט אַדורך די שקווין. דיעמאָרפֿיס גייט מען פֿון זייבן שטאַל 28 מעטער די לענג, 11,5 מעטער די ברייט.

שטים נום. 2.
(ראַכט זיך, די מומע מאַלקעלעס קאָל, אָבער אויב אזוי, האַלט זי נאָך ניט ווייַט).
באַ א מאַשין מידע.
מידע באַ א מאַשין.
א מאַשין באַ מידען.
מידע א מאַמע.
באַ מידען עמע.
שטים נום. 3.
(טאַנקעס קאָל).

דער הויפּטעפּיט באַם דערלערנען און צוגרייטן א קריג-פּלאַט, ווי ביבלאַל באַוואָגנטע קוויטעם איז דאָס שיטן. דאָס איז דער גרונט-מיטל באַם פירן א שלאַכט. די הויפּט געווער פון קריג-פּלאַט איז ארטילעריע. דעריבער איז די אַרטילעריזשע ווסטעריי דער הויפּט-באַשטאַנד פון דער מיליטערישער צוגרייטונג אַף די קריגשפּיל.
שטים נום. 4.

דורכפירנדיק די צוגרייטונג, האָבן די אויסלענדישע פּיאָנערן אויך אָרגאַניזירט א פּראָטעסט און באַקאַנט דעם פּאַציפיסטישן צוזאַמענפאַל פון די סאָציאַל-דעמאָקראַטישע קאָנגרעסישע אָרגאַניזאַציעס און זיך, דער סקאַוטישער מיליטאַריסטישער אַלומפּיאַדע, וואָס וועט צונויפגערופן אין ליווערפּול.

מאָטעלע דער שוואַרצער בויגט זיך אַרויס פון פענצטער, א נאַקעטער, ווי די מאַמע האָט אים געהאַט, און שרייַט אַראָפּ אין הויף:

— טאַנקע, דו הערסט צי ניט, טאַנקע?
— וואָס?
— וווּ ליגט ליווערפּול, הא?

ענטפערט אים דעמלט פאַלקע פון זיין פענצטער אַרויס:

— מאָטעלע, נעם זיך אַרייַן און וואַש אײַן מאָל פאַר אַלעמאָל, אַז פאַר דער עלעקטרישער באַלייַכטונג דאַרף מען אײַנשטעלן אַ דינאַ-מאַשין, א דינאַ-מאַשין.

* * *

בעכיין, האָט דער רעבעדעהויף געלערנט, ניט געקוקט אַף דעם גלייַכגילטיקן טאָג, וואָס איז געלעגן אײַנגעפּאַקט, ווי א שטיק געשליפענער קרישטאַל, ניט געקוקט אַף גאָרניט. די זון האָט געברענט, ווי א דינאַ-מאַשין, א דינאַ-מאַשין... שטראַלן שטייַפע, ווי שטעקעס, האָבן אַרומגעדראַשעט דעם הויף; הייסע שטראַלן, אָפּגעווגדערטע, אַז מען האָט זיי געקענט איבערציילן אַף די פינגער.

בלויז באַם פענצטער זישעס פענצטער איז געווען שטיל, דאָס פאָרהענגל — אַראָפּגעלאָזן, די אײַנציקע שטומע צוגעשלאָסענע פענצטער אין רעבעדעהויף.

קליינע זעלמעניאַנערלעך פון א גאַנץ נייַעם מין זענען געלעגן אין די אויסגעטאַבגעטע רינעס, ווי אין מולטערס, און געקוקט די גראָבע פינגער פון די אייגענע אָפּגעבריטע פיסלעך (א וועלכער אומפּאַרטייאָרטלעכער לאָזאָן האָט אַראַמי האָט עס איבערגעלאָזן געלע שפּורן אין דער זעלמעניאַנישער מישפּאָכע?).

אַפילע דער בריק אין הויף האָט געבליט מיט ליכט.

(פּאָרזעצונג קומט).

מ. האַרצמאַן.

# מיין צווייטע יוגנט.

פֿאַר דער צייט ביסטו וויים שוין געוואָרן מיין ברודער מיין גרויער
פֿאַר מיר גייט איצט אויפֿעט דיין קאָפּ, ווי די שטילקייט פֿון ערד,
ווען ס'האט אים דער אָסיען געלאָזן זיין ווײַן און זיין פֿייער —
די דאָרשטיקע רויטקייט, די רויטקייט, וואָס שפּײַזט און וואָס נערט.

א גליקלעכער ביסטו געקומען, מיין פֿריינט דו, מיין ווײַטער;
געבראַכט א פֿאַרשניטענעם פּוים — אין פֿריסינענעם זעקל א ברויט —
פֿאַרשניר זיך אין צענטן מיין הארץ שוין — דעם גליק ניט פֿאַרמיידן!
וואָס דו ביסט געקומען פֿון שלאַכט און איך זע דיר שוין ווידער ניט טויט.

און איך שטיי, אָט דאָס יינגל, פֿאַר דיר, און אַ פֿרייד אזא טיפֿע
נריילט אויף מיין לייב מיין פֿאַרשווארצטן און ווערט ניט פֿאַרשטילט,
ווען דו ביסט אוועק, האָבן מיר דיך מיט הענטלעך גערופֿן —
מיר האָבן מיט שטיקער שראַפּנעלן—מיט שטיקער פֿון פֿלאַם זיך געשפּילט.

פֿאַרגאַן זייט איר יאָרן!—אַ ציילעם נעשטעלט כ'האָב איין איצטער!—
א שטיק בלוט גייט זי אויפֿעט, מיין זון —אָט דער רויטער באַציר,
אזוי ווי א צייכן, וואָס קען אף קיין שטיין ניט פֿאַרקריצט זיין: —
מיין יוגנט מיין צווייטע נייט אויף אין דער רויטקייט פֿאַר מיר.

* * *

איך — אָט דער פֿאַשעטער מענטש מיט מיין מעכטיקן גלויבן —
בין געקומען צוגיין פֿון דער שטומקייט, פֿון וויסטיקן טהאָם —
איך האָב באַהאַלטן צוויי שטיקער פֿון וועלט אין די אויגן
און אין די הענט טראָג איך אום זי — מיין אײַזערנע לאָם.

פֿאַרגרעבט איז מײַן הויט ווי די קאָרע, פֿאַרשטומט איז מײַן לאָשן,
ווער האָט אין מײַן מויל מיר אף קלאַנגען צעטיילט מײַנע רײד —
ווי בא מײַן צוואַנג, וואָס זי האַלט אירע קלינגלעך פֿאַרשלאָסן,
אזוי האַלט איך אויך מײַנע ליפּן פֿאַרשלאָסענערהייט.

איך בין צו מײַן מעכטיקער יוגנט מײַן צווייטער געקומען
געקומען אהערצו צו גיין צו דעם רויטן געפֿעכט —
איך האָב מײַן לעבן אַצינדערט באַם נאָרגל גענומען —
איך — אָט דער פּאָשעטער מענטש, אזוי פּראָסט ווי די ערד.

ל. טאַלאַלאַי.

## הײַנט און מאָרגן.

מיט אויגן זויבערע,
מיט יונגקייט קלאָרער
שאַר איך אָפּ
דעם פֿאָרהאַנג פֿון די יאָרן,

אַף איין אויגן-בליק
אַף איין רעגע
מיט העלער צוקונפֿט
זיך באַגעגענען.

ס'פֿאַרגייט אין פּגלווער-רויך
קריץ פֿון שפּיזן —
די לעצטע שטריקל
פֿון א האלדז צעריסן.

ווי ווײַטער ווידערקאָל
דאָס קנאַלן פֿון קאַנאָנען,
העלע אַרבעט-פֿרייד
אַף יעדן מענטשנס פּאָנעם.

הײַנט מײַן בלוטיקער,
קויל געצילטער,
דו ביסט טײַער מיר,
דו ביסט מילד מיר,

מײַנע ראַכוועסן
מײַנע פֿעלדער,
האָט מיט זון און פֿלאַם
באַהעלט.

פֿון דער פֿינצטערקייט
פֿון די קעלערס
אונדז ארויסגעפֿירט
צו זונען העלע.

ניט פֿאַראַטן
מײַן הײַנט דעם רוישיקן —
איך זאָל צו מאָרגן-ליכט
מײַן נרום ארויסשיקן.

מיר פֿאַרטומלט ניט
דער שלאַכט-געפֿילדער —
ווײַל פֿאַר די אויגן
שאַרף פֿון צילבּרעט.

ווי קאַלטער שטאָל
איז פֿעסט די האַנט און רוּיִק —
ווײַל כ'זע די שײַן
פֿון מאָרגנדיקער בּויונג.

נאָסקע לוריע.

# אַרום אונדז.

(אן עפּיזאָד פֿון א גרעסערער דערציילונג).

די קאָמוניסטישע פֿאַרזאַמלונג וועגן די לעצטע פּאַסירונגען אינעם צוזאַמענוווינונג נומ. 4 האָט זיך געענדיקט שפּעטער, ווי געוויינלעך. ס'איז שוין געווען טיפֿער, פֿרילינגדיקער אָוונט. די קאָמוניסטן האָבן זיך מיט א טומל אַראָפּגעלאָזט פֿון דער ברייטער מאַרמאָרנער טרעפּ און געלאָזן זיך אינעם צוזאַמענוווינונג. עליע רוזין האָט פֿאַנאַנדערגעשפּילעט די משוגענע קנעפּלעך פֿון דער העמדל און זיך דורכגעשטויסן צווישן דער כעוורע, ווי ער וואָלט עמיצן וועלן דעריאָגן. אים האָט זיך געדוכט, אַז גינאַ איז אַרויס די ערשטע און ער האָט פּלוצלונג דערפֿילט א קילע לײַכטקייט בײַ זיך אונטער דער באַקענער העמדל, ער האָט דערפֿילט, ווי דער ווינט האָט זיך א פּלוילעבער, א פֿײַכטער געלאָפֿטערט איבער דער שטאָט. עליע רוזין האָט אַלע ווילדע שטיפֿער פֿאַרצויגן דעם ברייטעם צעעפֿנטן פּאַס און אַראָפּגעצויגן די העמדל איבער די הויזן און אומגעקוקט זיך אויף הינטער.

אַרויסגייענדיק פֿון דער פֿאַרזאַמלונג, האָט ער זיך דערמאָנט, עליע, אַז דער צימער איז איצט בײַ אים פּוסט, אַלע זײַנען איצט אין קינאָ. ער האָט באַלד אויך א טראַכט געטאָן, אַז גינע וועט עפּעס הײַנט אין קינאָ ניט גיין.

זיצנדיק אין פּרעזידיום, האָט ער אָנגעקוקט אָפֿן פֿענצטער דערזען זיצן איר, גינען. זי איז, ווי שטענדיק, געווען אָנגעטאָן אין א שמאָלער שטײַפֿער קליידל און אין א לײַב־טער בלוזע. אים האָט זיך געוואָלט אַרויסגעוויזן, אַז זי האָט א קוק געטאָן אויף אים. ער האָט זיך אָפּגעקערט פּונקט, ווי ער וואָלט ניט באַמערקט איר קוק, וואָס איז געווען פֿול מיט צווײַט אין אירע אויגן. שפּעטער א ווײַלע האָט ער זיך מער ניט געקענט אײַנהאַלטן און האָט זיך ווידער אומגעדרייט צו איר. זי האָט פֿון דער זײַט א קוק געטאָן און מיטן קאָפּ פֿאַרוואָרפֿן די האָר אויף הינטער, ווי זי וואָלט פּלוצלונג זיך דערפֿילן פֿרײַער און ווײַכטיקער. זי האָט עטלעכע מאָל לאַנגזאַם דורכגעפֿירט איבער די פּאַרישאָרענע האָר מיטן ברייטעם קעמעלע.

עמיצער האָט עליע רוזינען נאָכן פֿאַרטראַג צוגעשיקט א צעטעלע.

עליע, ווי קוקסטו פֿײַנדלעך אויף א מיידל?

ער האָט פֿאַנאַנדערגעוויקלט דאָס צעטעלע און ס'האָט אים מיטאַמאָל א פּלוצלונגדיקער וואַסער־פֿאַל א שלאָג געטאָן אין האַרצן. ער האָט דאָס צעטעלע אַרײַנגעשטופּט אין די פֿולע הויזן־קעשענעס.

ער וואָלט זאָגן, עליע, אַז ס'איז גינעס האַנטשריפֿט. עליע האָט דעמלט פּלוצלונג פֿון העלער הויט דערפֿילט עפּעס א זשאַנטשעו אין קלאַב, דער קלאַב איז געוואָרן נעראַסטער און העכער און די שויבן ליכטיקע און ברייטע.

עליע האָט ניט באַמערקט, ווי ער איז אַרײַן אין דעם ברייטן הולצערנעם טויער פֿון דער סטודענטישן צוזאַמענוווינונג נומ. 4. איבער דעם פֿירשטאָקיקן ברייטן טויער איז אַרויסגעשווומען א נאָענטהענגדיקע לעוואָנע, א קלאָרע און קײַלעכדיקע. פֿונעם טויער פֿון די גרויסע פֿירקאַנטיקע שויבן האָט געשלאָגן מיט רויטן, מיט גרינעם און מיט בלויען ליכט.

אויפֿן צווישן שטאָק האָט עליע הויגען אָפּגעשטעלט נינע.

וווּהין גייסטו, עליע?

ער האָט זיך א כאַפּ געטאָן. ער האָט ניט באַמערקט פֿונוואַנען זי איז פֿאַר אים אויסגעוואַקסן.

— אין... צימער...

זי איז געבליבן שטיין, אַנטקעגן אים, ער האָט זיך אויך אָפּגעשטעלט.

נינא איז געשטאַנען אַנטקעגן אים אין א גרינער בלוזע, די בלויע קלײדל האָט איר שטײַף אַרומגעכאַפּט די ליב ביז די פֿולע קנעכלעך. זי האָט אַראָפּגעשלעפּט די שנײַיקע ווײַסע היטעלע פֿון קאָפּ און א גלעט געטאָן זיך איבער די האָר. עליע איז צוגעגאַנגען נענטער צו איר. זײַן הענטל מיט די מעשענע קנעפּלעך האָט זיך באַלד ניט אָנגערירט אָן איר גרינעם קאַפּטל.

— און קינאָ גייסטו ניט?

— און דו גייסט?

— די בעסערע זײַנען שוין אַוועק... ס'איז שפּעט.

עליע האָט זיך ווידער דערמאָנט, אַז דער צימער זײַנער איז איצט פּוסט, קיינער איז איצט דאָרט ניטאָ און זי וועט עפּשער צו אים אַרײַן.

נינע איז אַרײַן צו אים.

עליע האָט אָנגעצונדן דעם לעמפּל, וואָס איז געהאַנגען באַם מאַטן האַלבקײַלעכ-דיקן באַלקן. ער האָט א שלײַדער געטאָן די העפֿטן און געזעצט זיך אויפֿן בעט. א העפֿט איז געפֿאַלן אויף א גלאָז פֿון פּראָסטאָקוואַשע און אויסגעקערט אויפֿן טיש ווײַסן וואַסער. דאָס וואַסער איז אויסגעשווומען אונטערשווענקענדיק די ברעקלעך ברויט און טרו-קענע בײַנדלעך פֿון הערינג, זי האָט אונטערגעשווענקט די טינטערס, וואָס זײַנען גע-שטאַנען טרוקענע, פּוסטע, דעם בלעכענעם טשײַניק מיט דער פֿאַרבויגענער נאָז אַראָפּ, א פּאַק ביכלעך מיט אָפּגעריבענע טאָוולען און עמיצנס א שקאַרפּעטקע. דאָס ווײַסע וואַסער האָט באַקומען א רויטן קאָליער און האָט מיט א ציטער אַראָפּגעקאַפּעט פֿון טיש אויף די אָנגעוואָרפֿענע שמוציקע צײַטונגען. עליען האָט פֿאַרדראָסן, וואָס ער האָט פֿאַרפֿריִער ניט צוגעקליבן דעם צימער, ער האָט א קוק געטאָן אויף זײַן בעט, זי איז געווען גלאַט פֿאַרבעט און ער האָט זיך דערפֿילט צופֿרידן.

נינע איז געשטאַנען אַנטקעגן אים.

ער האָט זיך אָפּגערוקט און פֿאַרגליטשט די רויטע קאָלדרע.

— נינע, וואָס שטייסטו?

זי האָט אויסגעגלעט די הענטלעך און איז צוגעגאַנגען צום פֿענצטער. אין דער בלוי-קייט פֿון דער שויב האָט זי פֿאַרקעמט די האָר. נאָכדעם איז זי מיט געמאָסטענע טריט צוגעגאַנגען צו עליען.

ער האָט זיך ווידער אָפּגערוקט און געלאָזן איר אַן אָרט אויפֿן בעט.

נינע האָט א קוק געטאָן פֿון דער זײַט אויף דער צעקנייטשטער רויטער קאָלדרע און צוגערוקט א טאַבורעטקע.

עליע האָט זיך צו איר אָנגעבויגן...

— נינע, קום אַהער, זעץ זיך אַוועק, וואָס שטייסטו?

זי האָט אַראָפּגעשאַרט די שטײַפֿע בלויע קלייד איבער די קניעבלעך און געזעצט זיך אַף דער טאַבורעטקע, צונויפֿגעטענדיק די פֿולע פֿיס צוזאַמען.

ער האָט אַ שמייכל געטאָן. אַפֿן שמייכל האָט זיך געבליכט אַ פּאַחדרים.

— ניגע...

זי האָט געוווּסט, אַז אים פּאַחדריסט, וואָס זי האָט זיך ניט געזעצט נעבן אים אַפֿן בעט. זי האָט אים אָבער גאָרנישט ניט געענטפֿערט.

עליע האָט זיך אױפֿגעהויבן און איז אַרויס פֿון צימער.

ער איז באַלד אַרײַן און זיך צוריק געזעצט. ער האָט איר אויסגעשטרעקט די האַנט.

— ניגע, ווײַז זיך דאָ... כ'בעט דאָך דיר.

זי האָט זיך אָפּגערוקט.

— וואָס איז, האָסט ניט קיין אַנדער זאַך וועגן וואָס צו ריידן מיט מיר... כ'קאָן אויסקיין, זי איז געבליבן אַ ווײַלע שטיל און זיך באַלד שווער אָנגערופֿן — ווו ביסטו נעכטן געווען אינאָוונט?

נעכטן אינאָוונט איז ער געווען אין סטודענטישן קינאָ. דאָרט איז געגאַנגען „פּאַ-ריזשסקי סאַפּאָזשניק". ער האָט נעכטן אָפּגעליינט אַ באַראַטונג און איז אַוועק אַהין. ער האָט געמיינט איר, ניגען, טרעפֿן דאָרט.

דאָס אַלץ זאָגט ער איר ניט. ער ענטפֿערט קורץ, טרוקן.

— איך האָב נעכטן געווען „פּאַריזשסקי סאַפּאָזשניק"—... ניגע כ'בעט דיך...

זי האָט צוגערוקט נאָך אַ טאַבורעט.

— ווײַז זיך בעסער דאָ...

זי האָט זיך אָנגעבויגן און אַ צי געטאָן אים צו זיך.

דורך דעם פֿירקאַנטיקן הויכן פֿענצטער האָט אַרײַנגעשמעקט אַ בלאָנדע פֿרישע נאַכט. פֿון דרויסן האָט זיך דערטראָגן דאָס גערויש פֿון די פֿרילינגדיקע וואַסערן. די אַלע וואַסערן שטראָמען איצט מיט אַ האַסטיקן געמורמל באַרג-אַראָפּ צום טײַך און פֿליאָכן זיך אַהין אַרײַן מיט אַ געוואַלד. פֿון ערגעץ פֿון אַ שטאָטקלוב האָט זיך דער-טראָגן אַ גערויש פֿון אַ מעשענעם אָרקעסטער. די שויבן פֿון דעם פֿירקאַנטיקן ברייטן פֿענצטער האָבן אָנגעהויבן שטיל צו ציטערן.

עליע האָט מיטאַמאָל דערפֿילט, אַז אַ שטראָמענדיקע פֿרייד האָט זיך אַרײַנגע-ריסן אין די אָדערן. די מוסקולן האָבן זיך אָנגעשאָסן ביז צו פּלאַצן און ער האָט איר אַרומגעכאַפּט ניגען די קאָפּ און געגלעט זי און נאָכדעם האָט ער איר געגלעט די שטײַפֿע פּלייצעס.

זיי האָבן ניט גערעדט. זיי האָבן ביידע געהערט, ווי די שויבן פֿון דעם פֿענצטער האָבן שטיל געציטערט, ווי ס'האָט ערגעץ געשפּילט אַן אָרקעסטער, ווי ס'האָט פֿריש געשמעקט די נאַכט.

ניגע האָט אים פּלוצלינג דערזען, עליען, אַ דורכזיכטיקן, אַ נאָענטן, און אָפֿ-ריכטיקן און איבערגעגעבענעם.

— עליע, וואָס שווײַגסטו?

ער האָט זי אַ כאַפּ געטאָן און צוגעדריקט צו זיך.

אינעם צימער איז אויסער זיי ביידן קיינער ניט געווען.

דער פֿרילינגדיקער בלאָנדער אָטעם האָט אַלץ געפּאַטשט אין די שויבן און האָט פֿײַכט געשמעקט אינעם פֿענצטער אַרײַן.

עליע האָט דערפֿילט ווי זי קאָרטשעט זיך אין זײַנע הענט, און ער האָט דערפֿילט זיך דרייסטער.

דאָ איז ניט גוט... ס'איז ענג, האָט זי שווער זיך אָפּגערופֿן און זיך איבערגעזעצט אפֿן בעט.

א שטאַרקער זאַפּט האָט געשטריקט אירע פֿולע ליפּן.

ער האָט זיך געזעצט נעבן איר אפֿן בעט. זי האָט דערשראָקן א צאַפּל געטאָן מיט די אַקסל.

— עליע... זיי וועלן באַלד... אָנקומען... ס'איז... זי האָט געוואָלט אויפֿהייבן זיך פֿון בעט.

ער האָט זי אָנגעכאַפּט בײַ די הענט.

— ניין, ניין, זיי וועלן איצט ניט אַרײַן... זיי זײַנען דאָך אוועק אין קינאָ... זיי וועלן ניט אַרײַן... מיר האָבן אָפּגערעדט, מעגסט זײַן רויִק...

זי האָט אים פֿאַרוווּנדערט אָנגעקוקט.

— אָפּגערעדט? וואָס אָפּגערעדט?..

עליען האָט שוין פֿאַרדראָסן, וואָס ער האָט זיך אַרויסגעכאַפּט וועגן דעם און איצט דאַרף ער איר דאָס דערציילן. דאָס קאָן מאַכן אויף איר עפּעס א שלעכטן אײַנדרוק. פֿון דער צווייטער זײַט איז ער אָבער געווען צופֿרידן, זאָל זי וויסן, אז זי קאָן שטענדיק צו אים אַרײַן און זיכער זיך זעצן בײַ אים אפֿן בעט און פֿילן זיך דאָ אינעם צימער, ווי איר גלוסט זיך.

— נו, טאָמער עס קומט צו איינעם עמיצער אַרײַן, ווען עס קומט א מיידל צו עמיצן... צוליב וואָס זאָלן די איבעריקע...

זי האָט אים אָנגעקוקט.

— איז וואָס זאָלן זיי טאָן?

מע גייט אוועק. די לייען זאָלן זײַנען אָפֿן, מע קאָן... ער האָט געפֿילט, אז זי ווערט ערנסטער, נאָר אים האָט זיך פֿאַרגלוסט דערציילן איר אַלץ, ס'מאַכט ניט אויס, זי וועט שפּעטער געוויס זײַן צופֿרידן פֿון דעם — און מע גייט ניט אַרײַן, אויב דאָס צעטעלע פֿון צימער איז איבערגעדרייט, מע שטערט ניט איינע די אַנדערע... נינע!..

ניט אַלע אַכט אײַנוווינער פֿונעם אינטערנאַציאָנאַליסטן צימער האָבן געוואָלט אײַנגיין אויף אזא מין אָפּמאַך. ריזקין האָט דעמלט קאַטעגאָריש געמאָלדן, אז ער וועט דאָס ניט דערלאָזן, צו אים גייט קיינער ניט, אזוי, אז ער איז ניט מעכייעוו צוליב וועמען ס'איז אַרומדרייען זיך אפֿן גאַס אָדער אין די קאָרידאָרן, ווי א פֿאַרוואָרלאָזטער. און ביכלאַל איז דאָס ניט עטיש אין א סטודענטישער צוזאַמענוווינונג.

געלער האָט געבעטן מע זאָל אים געבן געלט אויף א בילעט אין קינאָ, העמלט גייט ער אוועק פֿונעם צימער אויף דרײַ שעה.

עליע רזין האָט דעמלט אונטערגעהאַלטן ריזקינען. נאָר די מערהייט פֿונעם אינטערנאַציאָנאַליסטן צימער האָבן פֿרײַלעך געהויבן די הענט פֿאַרן אָפּמאַך און די איבעריקע האָבן זיך שוין אונטערגעוואָרפֿן דער אַלגעמיינער דיסציפּלין פֿונעם אינטערנאַציאָנאַליסטן צימער.

געלער האָט שפּעטער שוין געהאַט עטלעכע באַמערקונגען פֿאַר זײַן שלעכט האַלטן זיך אין קאָרידאָר. מע האָט געהאַט באַשלאָסן, אויב נאָר דאָס צעטעלע אפֿן טיר איז איבערגעדרייט, טאָר מען אַפֿילע ניט צוגיין נאָענט צום טיר, און ער, בעקיוון פֿאַרשטייט זיך, דרייט זיך אַרום דער טיר און האַלט אין איין הוסטן און כריפּען, אזוי, אז מע לאָזט דאָרט ניט אײַנרוען.

עליע האָט געוואָלט בײַ איר פֿרעגן, ווי טראַכט זי, נינע, וועגן דעם. ער האַלט איצט, ליעטאָשל, אז ס'איז געווען עטיש, ער האָט באַמערקט, אז זי איז זייער ערנסט און אומעטיק.

נינע האָט זיך אָן אומעטיקע און פולער שוויַגעניש אויפגעהויבן פון בעט און צוגעגאַנגען צום פענצטער. זי האָט געעפנט א פאָרטקע. די אומעטיקע בלויקייט האָט איר געטריפט איבערן קאָפּ, איבער די האָר, איבער דער ברוסט און איבער די הענט.

עליע איז אין א וויַילע אַרום צוגעגאַנגען און אַרומגענומען זי פון הינטן מיט ביידע הענט.

— נינע... ביסט אָפּ מיר אין קאַעס?..

נינע האָט געשוויגן. זי האָט אַרויסגעקוקט פונעם שויב אַראָפּ. אונטן האָבן נעגישוינדלט טראַמוויַען, מענטשן זיַינען איבערגעלאָפן פון איין טראָטואַר אַפן צווייטן און מע האָט זיך געשטופּט יעדערער מיט זיַינע האָרנן און דיַיגעס. זי איז, דאַכט זיך, גאָר ניט לאַנג געקומען אהער פון ערגעץ וויַיט, הינטער דער גרויסער שטאָט און שטייט דאָ איצט מיט א פולער האַרץ מיט פאַרדרוס. זי האָט געפילט, אז הינטער אירע פּלייצעס שטייט עמיצער א נאָענטער און זי ווייס ניט, וואָס ער טראַכט און וואָס ער וויל פון איר.

זי קאָנען זיך שוין אזוי לאַנג און ער האָט איר קיינמאָל גאָרניִשט ניט געזאָגט עפּעס ערנסט, אז זי זאָל פילן, אז זי קאָן זיך אים פאַרגלויבן. זי האָט א ציטער געטאָן, זי גלייבט אים ניט, זי גלויבט קיינעם ניט, יעדער זוכט זיך עפּעס, וואָס אים איז אַנגענעם... באַטש אָפּ א וויַילע...

זי האָט אָפּגעריסן זיַינע הענט פון זיך און א שלייַדער געטאָן זיי. עליע האָט זיך אָפּגערוקט. ער האָט געקוקט מיט א פאַרבאָרגענער באַליידיקונג, מיט פאַרדרוס.

— וואָס איז מיט דיר... מיט וואָס ביסטו בעסער, ווי אַלע, ביסט...

זיַינע ווערטער האָבן איר א דריי געטאָן. זי האָט זיך האַסטיק אויסגעדרייט צו אים, אירע אויגן זיַינען געוואָרן פרעמד און שטרענג.

— ווי-אַ-אַ-ס?!

— ביסט א מאָדנע עפּעס... ביסט א מיידל פונעם 18-טן יאָרהונדערט... מיינסט אַוואדע, אז ס'איז גוט אזוי?..

— מיט וואָס בין איך ניט ווי אַלע?—ער האָט א קלאַפּ געטאָן מיט דער פאָרטקע.

— ביסט א מאָדנע עפּעס... ביסט א מיידל פונעם אכטצנטן יאָרהונדערט... מיינסט אירע אויגן זיַינען געוואָרן פיַינט און דערשראָקן.

— זאָג, מיט וואָס בין איך ניט ווי אַלע, מיט וואָס בין איך ערגער, זאָג מיט וואָס, מיט וואָס בין איך ערגער?!

זי האָט זיך צוגערוקט צו אים נעענטער.

— פאַרוואָס רעדסטו אזוי, הא עליע, פאַרוואָס זאָגסטו אזוי, וואָס איז דאָס פאַר א באַציונג...

עליע האָט זיך אָפּגעקערט.

— כ'זאָג גאָרנישט ניט, כ'זאָג, אז אַלע מיידלעך זיַינען אַנדערש...

— וואָס ווילסטו?

זי האָט אָפּ אים א לייַדנשאַפטלעכן שטרענגן קוק געגעבן און זיך א לאָז געטאָן צום טיר. עליע האָט זי פאַרהאַלטן.

— נינע!

— וואָס ווילסטו.—זי האָט זיך אָפּגעשטעלט און אַראָפּגעשאַרט די קאָפּטל.—וואָס ווילסטו גיי צו די מיידלעך, זיי געפעלן דיר, גיי צו זיי, איך בין אַן אַנדערע

פונעם שכייניעמדיקן מיידלשן צימער האָט זיך דערטראָגן א שטיל און צעצויגן געזאַנג.

Отчего, почему, почемуточки не любовь у нас, а только шуточки

איבערן לאנגן טונקעלן קאָרידאָר אױפֿן דריטן עטאַזש האָבן זיך געשטױסן סטו־דענטקעס. זײ האָבן הױך און האַרגלאָז געלאַכט.

באַלד האָבן זײ אױסגעכאַפּט די צעצױגענע לידל, װאָס האָט זיך געטראָגן פֿו־נעם צוזאַמענציקסטן צימער און צעטראָגן איבערן געדרײטן קאָרידאָר, איבערן צוזאַמענ־װױנונג. זײער געזאַנג האָט זיך געטראָגן מונטער און האַרגלאָז, װי אַ צװיטשעריקע טאַנץ.

Почему-да-почему, да почемуточки не любовь у н с, ай,-ай,-ай,
а только шуточки...

אינעם שכײנעסדיקן מײדלשן צימער איז די שטים פֿאַרלאָרן געגאַנגען פֿונקט, װי דער האַרגלאָזער געזאַנג אין קאָרידאָר װאָלט באַלײדיקט איר שטילן טרױער. שפּעטער װען די מײדלעך האָבן מיט אַ מאָל זיך אַראָפּגעלאָזט פֿון די טרעפּ אױפֿן אױסגעטרעטן װױנונג. זײער געזאַנג האָט זיך געטראָגן מונטער און האַרגלאָז, װי אַ צעזײַטיקער טאַנץ.

Как березка цвела я
Цвет милому отдала я
Почему, почему, почему-точки...

עליע מיט ניגע זײַנען געשטאַנען באַם פֿענצטער און האָבן געשװיגן. זי האָט ניט באַמערקט, װי ער האָט אַרומגענומען איר קאָפּ און געגלעט זי איבער די האָר און איבער דעם האַלדז.

נאָכדעם האָט זי פֿאַמעלעך פֿאַנאַנדערגעעפֿנט אין דער גאַנצער גרױס די ברע־מען און שטיל, דערשראָקן אַבישל, זיך אָפּגערופֿן.

— װי קוקסטו אױף מיר?

ער האָט געשװיגן. ער האָט זי פּלוצלינג אַרומגעכאַפּט און אַ הױב געטאָן אין דער הױך. ער האָט זי צעטראָגן צום בעט און אַװעקגעלײגט, זי האָט שװער געאָטעמט...

ניגע, װי אױף אַ... מאָװער... װי אױף אַ מאָװער... ניגקאַ...

זי האָט אים אײַנגעשפּאַרט געקוקט גלײַך אין די אױגן.

— דו זאָגסט ניט ריכטיק...

ער האָט ניט געהערט. ער האָט איר געגלעט די פֿרישע האָר, דעם האַלדז, די קאָפּ און די הענט.

זי האָט זיך געװאָרפֿן, זי האָט מיט פֿאַרדרוס געטײַנעט:

— דו האָנסט ניט ריכטיק.

— דו האָנסט ניט ריכטיק.

זי האָט זיך אַ הױב געטאָן און האָט באַמערקט, װי עליע האָט אַראָפּגעשאַרט די קלײדער, װאָס האָט זיך געהאַט פֿאַרשאַרט איבער אירע העלע קני. ער האָט זי אַראָפּגעשאַרט, גלעטנדיק אירע פֿיס.

ניגע האָט זיך אַ װאָרף געטאָן.

זי האָט אים אַרומגעכאַפּט די קאָפּ און געקוקט אױף אים מיט װאַרעמע איבערגע־געבענע אױגן.

— עליע, עליע, ביסט אַ װױלער!!

זי האָט זיך גוט געװאָרט.

ער האָט איר פֿעסטער אַ הױב געטאָן און צוגעדריקט צו זיך.

זי האָט אים אױך אַרומגעכאַפּט.

פֿון הינטער דער טיר האָט זיך דערטראָגן אַ גערױש.

ניגע האָט אױפֿגעציטערט.

—כ'ל... נײן!..

ווי ווינען געבליבן שטיל.

הינטער דער טיר האָט זיך ווידער עמיצער א דריי געטאָן.

לאָז אָפּ, עליע, לאָז... אָפּ — ווי האָט דערשראָקן געשעפּטשעט — וואַרטן דרויס זיך האָסט זיך עמיצער אַרום... הינטער דער טיר.

זי האָט אַרויסגעריסן פון זײַנע הענט און אויסגעקוועטשט זיך.

מיט כשאר האָט זי א קוק געטאָן אף אים און א ציטער געטאָן.

— האָסט איבערגעשראָקן... יאָ!.. האָסט איבערגעשראָקן דאָס צעטעלע. יאָ, עליע?.. אין אירע אויגן האָט אָנגעהויבן שפּראָצן א גרינער פאַרדראָס.

עליע האָט געשמייכלט צו איר, ער האָט איר געגלעט איבער די הענט.

— ניין, ניין, כ'האָב גאָרנישט ניט געהערט, וואָס עפּעס, אויב זי גייען, וועלן זיי אַרײַן... קיינער ניט, וואָס עפּעס... זי האָט פּלוצלונג זיך א ריס געטאָן פון בעט און האַסטיק א שלעפּ געטאָן די טיר.

דער פאַרדראָס אין אירע אויגן האָט זיך פאַנאַנדערגעבליט, ווי שטעכיקע גרינע קראָפּעווע, דאָס צעטעלע איז געהאַנגען איבערגעדרייט. זי האָט באַטראַכט דעם געל-באַפלעקטן צעטעלע, אויפגעהאַנגען אים, ווי ס'האָט צו זײַן און איז אוועק אין טונ-קעלן קאָרידאָר.

אַנטקעגן ווינען אין טונקעלן קאָרידאָר אָנגעקומען די בעזירע און געבראַכט מיט זיך א טומל און געקאַנג.

פון אײַנגעצוואַנציקסטן צימער איז אַרויסגעלאָפן עליע דווין און האָט אַראָפּגעלאָזט זיך פון די טרעפּ.

א. בעזימענסקי.

## צום טאַקט פון דער וועלט-רעקאָנסטרוקציע.

אונדזער רעפּובליק
לעבט און בליט
און שטאַרקט זיך און שלאַכטן אַף ווונדער,
אונדזער יעדער יאָר
פאַרפולט מיט מי
איז ווערט
אַמאָליקע הונדערט.

מיט אַקסל פאַבריקישע
אונדזער לאַנד
וועט מיט אמעריקע באַלד זיך פאַרמעסטן,
און זאַוואָדישע מוסקולן
איז שוין פאַראַן
בלוט
פון עלעקטרישע פעסטקייט.

צעוואַקס זיך, אינדוסטריע!
עס בליט איבער דיר
דיין באָלשעוויסטישער הימל,
און שלאַכט און אַף אויפבוי
עס גייען נאָך דיר
פאַבריקן פון ברויט מיט א הימן.

און ס'ציטערט דער מיִרעוו
פאַר דער קראַפט,
פאַר דער מאַכט,
פון אונדזער אַנטשיידענער פעסטקייט,

זיי האָבן פֿאַרשטאַנען —
מיר האָבן פֿאַרטראַכט
אף לעבן און טויט
אַ פֿאַרמעסטונג.

עס גייט די אינדוסטריע!
זי בויט און צעשטערט
ס'האָט דאָס לעבן אַף צוויי זיך צעשפּאַלטן,
און די רעפּובליק
האָט ווידער דערהערט
די שטים פֿון דער פֿוילער
צעקראָכענער אַלטקייט.

—וו: גייט איר? וואָס טוט איר? אַף וואָס? און אף ווען?
אף צו ניכע טעמפּן פֿאַריסן זיך!
דאָס לאַנד פֿון סאָוועטן
וועט בייקומען דען
דעם אָרגאַניזירטן
קאַפּיטאַליזם?

שטילער אַביסעלע! שטילער! געלאַסענער! אַן עק!
די אַרבעטער־מאַסע וועט איצטער
רעגולירן דעם ווינט פֿון צעבויטעטע טעג,
לויטן פֿליגער פֿון פֿלייש און פֿון סיטעץ.

וו נייט איר? וואָס טוט איר? מען דאַרף ניט! צוריק!
ס'איז א געפֿערלעכער וועג דער!
און ס'וואַרפֿן די מענטשן א פּאַנישן בליק
און אונדז איז
א האָר גאָר ניט שרעקלעך!

אונטער פּאָן
פֿון פֿלייש און פֿון סיטעץ און פֿון רייז
מיר וועלן אין קאַמף זיך ניט ריכטן,
און ס'זיינען בעעמעס
צום שפּאַס אונדז די לייט,
וואָס ווילן אָנשיטן זאַלץ
אַפֿן עק פֿון געשיכטע.

זאָלן זיי וויינען,
אוּן קלאָגן אוּן רוּפֿן,
די באַלעגוּפֿישע קריגער
מיר זאָגן מיט שטאָלץ זיי—
דער געיאָמער פֿוּן דעם באַלעגוּף
איז די סימפֿאָניע פֿוּן אוּנדזערע זיגן.

ניט אַרויסשטויסן
וועלן זיי אוּנדז פֿוּן דער ריי
אָט די אַלע צעפּלאַסענע פֿוילע כמאַרעס,
מיר וועלן באַקעמפֿן
די פֿרעמדע רייד,
מעגן זיי זײַן
אַפֿילו בוּכאַרינס.

מיר שטייען אוּן בויען ביז די קני־טיף אין קויט,
נאָר אוּנדזער געזאַנג הויבט זיך העכער אוּן הילכיק,
מיטן דראַנג פֿוּן די מאַסן
מיר ברענגען אַ טויט
אוּן וועלן שוין באַלד דעם סוינע פֿאַרניכטן!

זאָל זײַן, אַז דער גוּף פֿוּן פֿאַרבאַנד
קיין פֿעטס באַנוּצט איצט ניט,
אָבער זײַן טראָט איז פֿעסט אוּן שטײַף
אוּן צוּם טאַקט פֿוּן דער וועלט־רעקאָנסטרוּקציע
אוּנדזער האַרץ אוּן געפֿיל איז שוין רײַף.

צעוואַקס, אינדוסטריע!
איבער דיר איז וואַך
דײַן באָלשעוויסטישער הימל,
פֿיר נאָך זיך
אַף אוּפֿבוי אוּן שלאַכט
קאָלווירטן פֿוּן ברויט מיט אַ הימן.

יִדויש ש. ראָסין.

**מירע כענקין.**

# אין יאָר אין צוואַנציקסטן.

(פון ציקל „באלעבאָס“).

... אין יאָר, אין צוואַנציקסטן.
סע שטראָמט ניט מער קיין בלוט.
סע ווערט אים אױפֿן הארצן שטיל, און אױפֿגעלייגט און גוט.
ער קריכט אַרויס פֿון שטוב (א זאַטע, איינגעהיטע נאָרע).
און גאָס דערוויסן זיך צי ס'איז באַוואָרנט
די זיכערקייט און זעט פֿון טאָג,
דאָס ביסל רו, וואָס ער פֿארמאָגט.
די לופֿט א שמעק טאָן. הערן וואָס מע רעדט.
ער קריכט ניט מיט געזונטן קאָפּ אין קראַנקן בעט!

... אין יאָר אין צוואַנציקסטן.
די גאַס איז הויל און יאָמערודיק, און רוישיק
סע האָבן אויסגעשאָטן קינד און קייט אינדערוויסן.
סע שפּאַנען זיגעריש קאָלאָנעס
יוגנט, ארבעטערנס, פֿאָנען.
און ער, דער באַלעבאָס, איז אויך שוין דאָ.
דער ערשטער לאָזט ער זיך צו זיגערישע רייען
פֿארלויפֿט דעם וועג מיט ליאַרעם און געשריי:
— „מיר, מיר,—מיר האָבן געזיגט!“—
אין יאָמערודיקע גאַס אים טראָגט, און יאָגט, און ווינט.
ער זשאַלעוועט קיין קאָל און זשאַלעוועט קיין פּיס
און קאָל זיינער טרומייטעט ליגנעריש און זיס.
אין ס'טוט אים גאָרנישט ווײ. און ס'טוט אים גאָרנישט באַנק.
אין טאָג אין גרויזאַמען — א סימכעדיקע שלאַנג!

און אָט קומט א בראָך צו זיבן זאַטע יאָר
אין שווערער מי ווערט גרויסער טאָג געבוירן,
באַם וואַרשטאַט—און פֿאַבריק, באַם טראַקטאָר—אינעם פֿעלד
דאָס לאַנד האָט וועכטער איינענע צעשטעלט.
און שווער איז מי, נאָר הויך דער שוועל
מיט טויזנט פֿייערן ער רופֿט און קוועלט.

דעם באַלעבאָס האָט אָנגעיאָגט דער טאָג.
און שטוב און זאַטער—אַ בעהאָלטע-קלאַנג,
מיט הענט מיט איינענע, ער רייסט אָף גיך דעם שנור.
ער בלאָזט, און מעקט—ניט בלײַבן זאָל קיין שפּור
פֿון זאַטע טעג.
זוכט אַ באַהעלטעניש. א לאָך. א זאַטן ווינקל.
און טאַטעוואַטע מיט זײַן אויג ער פּינטלט.
און שוין. ער איז ניטאָ. ער האָט ניט געסטאַיעט.
ער ליגט שוין אין א ווינקעלע פֿאַרטאַיעט
אין יאָר, אין דרײַסיקסטן!

א. באַך.

# דער צוזאַמענפאָר פון פאַנאַנדערגעוויקלטן סאָציאַליסטישן אָנגריף אַפן גאַנצן פראָנט.

## דער וואַקסנדיקער קריזיס אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער.

פאַר די צוויי מיט א האַלבן יאָר, וואָס זיינען אַוועק פון דעם 15־טן ביזן 16־טן פּאַרטיי צוזאַמענפאָר, איז פאָרגעקומען א גרויסער איבערבראָך ניט נאָר אין ראַטנפאַרבאַנד, נאָר אויך אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. אָט די כאַראַקטעריסטיק פון דעם דאָזיקן איבערבראָך איז געווען איינער פון די הויפּט־מאָמענטן אין כ׳ סטאַלינס פּאָליטישן באַריכט פון צ. ק. כ׳ סטאַלין כאַראַקטעריזירט דעם פאַרגאַנגענעם קורצן פּעריאָד ווי אַן איבערבראָך פּעריאָד:

„ער איז געווען אַן איבערבראָך־פּעריאָד ניט נאָר פאַר אונדז, פאַר פסס״ר, נאָר אויך פאַר דער קאַפּיטאַליסטישע לענדער פון דער גאַנצער וועלט. אָבער צווישן די דאָזיקע צוויי איבערבראָכן איז דאָ א קאַרדינאַלער אונטערשייד. אין דער צייט, ווען דער דאָזיקער איבערבראָך האָט באַטייט פאַר פסס״ר א קער אין דער זייט פון א נייעם, מער ערנסטן עקאָנאָמישן אויפשטייג, האָט פאַר די קאַפּיטאַליסטישע לענדער דער איבערבראָך באַטייט א קער צו עקאָנאָמישע ירידע. בא אונדז אין פסס״ר איז א וואַקסנדיקער אויפשטייג אין דער סאָציאַליסטישער בויונג סיי אין דער אינדוסטריע, סיי אין דער לאַנדווירטשאַפט. בא זיי, בא די קאַפּיטאַליסטן, איז א וואַקסנדיקער קריזיס אין דער עקאָנאָמיק סיי אין דער אינדוסטריע און סיי אין דער לאַנדווירטשאַפט".

איבערגייענדיק צו דער כאַראַקטעריסטיק פון דעם אַלוועלטלעכן עקאָנאָמישן קריזיס, פאַרצייכנט כ׳ סטאַלין פאָלגנדיקע מאָמענטן, וואָס זיינען די הויפּט־סימפּטאָמען פון דעם איצטיקן קריזיס: 1) דער איצטיקער עקאָנאָמישער קריזיס איז א קריזיס פון איבערפּראָדוקציע, ד. ה. אז עס ווערט פּראָדוצירט מער סכוירעס, ווי עס קאָן אײַנשלינגען דער מאַרק, ד. ה. אז מע פּראָדוצירט מער, איידער עס קאָנען קויפן פאַר געלט די פאָלקסמאַסן, וועמעס האַכנאָסעס בלייבן אויף א נידעריקער ניוואָ; 2) דער איצטיקער קריזיס איז דער ערשטער פאַר דער גאַנצער צייט פון נאָך דער מילכאָמע א וועלט־קריזיס, א וועלטקריזיס ניט נאָר אין דעם זין, וואָס ער נעמט אַרום קימאַט אַלע אינדוסטריעלע לענדער, נאָר אויך אין דעם זין, וואָס דער אינדוסטריעלער קריזיס איז צונויפגעפאַלן אין איין צייט מיט א שאַרפן לאַנדווירטשאַפטלעכן קריזיס, וואָס כאַפּט אַרום די פּראָדוקציע פון רויוואַרג און די הויפּט־אַגראַריע לענדער פון דער וועלט; 3) וואָס דער איצטיקער וועלט־קריזיס וויקלט זיך פאַנאַנדער ניט גלייכמעסיק אין פאַרשיידענע לענדער. דער אינדוסטריעלער קריזיס האָט זיך אָנגעהויבן פריער אין די קאַפּיטאַליסטישע מיזרעך־אייראָפּעישע לענדער, און צום סאָף פון 1929 יאָר האָט ער זיך אַריבערגעוואָרפן אין די פאַראייניקטע שטאַטן.

אַז די פֿאַרייניקטע שטאַטן מאַכן איצט דורך אַ שווער-פאַרצווייגטעם עקאָנאָמישן קריזיס, איז ניט נייטיק מער צו דערווייזן. וועגן דעם איז פֿול די גאַנצע בורזשואַזע פּרעסע פֿון גאָר דער וועלט. עס איז גענוג אָנצוווייזן אויפֿן לעצטן באַריכט פֿון דער הוווער-קאָמיסיע, וואָס איז געגרינדעט געוואָרן פֿאַראַיאָרן, פֿון וועלכן עס איז צו זען, אַז די אַמעריקאַנער פּראָדוקציע איינגאַנצן גענומען האָט זיך פֿאַרקלענערט אויף 30 פּראָצ.

אַז דער קריזיס פֿון די פֿאַרייניקטע שטאַטן האָט פֿאַרשאַרפֿט דעם עקאָנאָמישן קריזיס אין אַלע אַנדערע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, איז היינט אויך אַ זאַך, וועלכע קיינער באַשטרייט ניט מער. דער קריזיס אין דער ענגלישער טעקסטיל-אינדוסטריע, קוילן-אינדוסטריע, דער אומגעהויערלעכער וווּקס פֿון דער אַרבעטסלאָזיקייט אין ענגלאַנד זיינען היינט פֿאַקטן, וועלכע קיינער וואַגט ניט פֿאַרלייקענען.

אין דייטשלאַנד איז דער ניוואָ פֿון דער פּראָדוקציע מער ווי אויף צען פּראָצ. געפֿאַלן לעגאַבע דעם ניוואָ פֿון 1927 יאָר. אַפֿילע פֿראַנקרייך, דאָס איינציקע לאַנד, וואָס איז ביז דער לעצטער צייט געווען אויסגענומען פֿון קריזיס, הייבט אויך אָן לעצטנס אַרויסצווייזן בולטע סימנים פֿון אַן אָנקומענדיקן ווירטשאַפֿטלעך-פֿינאַנציעלן קריזיס.

דאָס, וואָס דער עקאָנאָמישער קריזיס פֿאַלט צונויף מיטן אַגראַרן, דאָס שאַפֿט אַ פֿאַרקנופּטן קריזיס פֿון קעגנזייטיקער ווירקונג און פֿאַרשטאַרקונג פֿון יענעם קריזיס.

אַף ווי ווייט די פֿאַרייניקטע שטאַטן פֿאַרקלענערן זייער פּראָדוקציע, אַף אַזוי פֿיל פֿאַלט דער אָפּזאַץ פֿון רויוואַרג פֿון די אַגראַרע לענדער פֿון דאָרעם-אַמעריקע, כינע און אַנדערע אין די פֿאַרייניקטע שטאַטן. און דער רעדוצירטער אָפּזאַץ-קריזיס פֿאַרשטאַרקט נאָך מער דעם עלנט און נויט פֿון די ברייטע פּויערישע מאַסן אין די אַגראַרע לענדער און פֿאַרשמעלערט נאָך מער זייער קויף-קראַפֿט. און די דאָזיקע לענדער, וואָס שטעלן מיט זיך פֿאָר אַ ברייטן אָפּזאַץ-מאַרק פֿאַר די אינדוסטריעלע פּראָדוקטן פֿון די אינדוסטריעלע לענדער, קויפֿן איצט נאָך ווייניקער און פֿאַרשאַרפֿן נאָך מער דעם קריזיס אין די אינדוסטריעלע לענדער, וואָס שפּיגלט זיך ווידער צוריק אָפּ אַף דעם אַגראַרן קריזיס אין די אַגראַרע לענדער.

## די פֿאַרשאַרפֿטע אימפּעריאַליסטישע קאָנפֿליקטן.

ווי אַ רעזולטאַט פֿון דעם איבערפּראָדוקציע-קריזיס איז די פֿאַרשטאַרקטע קאָנקורענץ אויפֿן וועלטמאַרק צווישן די פֿאַרשיידענע אימפּעריאַליסטישע מעלוכעס. דער סאַמע שאַרפֿסטער קאָנפֿליקט אין געראַנגל פֿאַרן וועלט-מאַרק וויקלט זיך פֿאַנאַנדער צווישן ענגלאַנד און די פֿאַרייניקטע שטאַטן. ענגלאַנד פֿאַרלירט אַלץ מער איר העגעמאָניע אויפֿן וועלט-מאַרק און ווערט אַרויסגעשטויסן דורכן וואַקסנדיקן דאָלאַר-אימפּעריאַליזם פֿון די פֿאַרייניקטע שטאַטן. אַזוי האָט דער דאָלאַר-אימפּעריאַליזם אין דאָרעם-אַמעריקע אין אַ ריי לענדער איינגאַנצן אַרויסגעשטויסן דעם ענגלישן אימפּעריאַליזם און אין אַ ריי לענדער קומט נאָך פֿאָר אַ פֿאַרצווייפֿלטער קאַמף צווישן דעם ענגלישן און אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם. די „קליינע מילכאָמעס“, וואָס פֿירן זיך צווישן פֿאַרשיידענע פֿעלקער אין דאָרעם-אַמעריקע, זיינען אין סאַך אַ מילכאָמע צווישן דעם אַמעריקאַנישן און ענגלישן קאַפּיטאַל. די מילכאָמע צווישן באָליוויע און פּאַראַגוואַי איז אַ פֿאַרמאַסקירטע מילכאָמע צווישן דער אַמעריקאַנישער נאַפֿט-געזעלשאַפֿט „סטאַנדאַרט אויל קאָמפּ.“ און צווישן דער ענגלישער נאַפֿט-געזעלשאַפֿט „רויאַל שעל“ פֿאַר נייע נאַפֿט-קוואַלן, וואָס זיינען אַנטדעקט געוואָרן אַף אַ גרויסן ערד-שטיק, וואָס ליגט צווישן באָליוויע און פּאַראַגוואַי. דער אַמעריקאַנישער אימפּעריאַליזם רייסט זיך אַריין אויך אין די אַלטע קאָלאָניאַלע פּאָסעסיעס פֿון ענגלאַנד, ווי צ. ב. אין אינדיע. אין דער צייט

ווען דער ענגלישער עקספּאָרט אין איטאַליע פאַרקלענערט זיך, וואַקסט דער אַמעריקאַנישער עקספּאָרט אין איטאַליע. די פאַראייניקטע שטאַטן רײַסן אַרונטער די העגעמאָניע פון ענגלישן פלאָט אַף די ימען. דאָס האָט באַוויזן די לאָנדאָנער פלאָטן-קאָנפערענץ. עס איז אָן סאָפעק ניט ווײַט די צײַט, ווען די העגעמאָניע איבער די ימען וועט איבערגיין צו די פאַראייניקטע שטאַטן.

פאַר ענגלאַנד איז ניטאָ קיין אַנדער אויסוועג, ווי א נײַע מילכאָמע בײַ א נײַער איבערגרופּירונג פון די אימפּעריאַליסטישע קויכעס קעגן די פאַראייניקטע שטאַטן.

ווי א רעזולטאַט פון דעם שאַרפן קאַמף פאַר די אָפּזאַץ-מערק איז אויך דער פאַרשאַרפטער פראַנצויזיש-איטאַליענישער קאָנפליקט, וואָס נעמט אָן א דראָענדיקע קריגערישע פאָרם פאַר דער לעצטער צײַט.

פראַנקרײַך ניצט אויס דעם ענגליש-אַמעריקאַנישן קאָנפליקט, וואָס ווענדעט אָפּ די גאַנצע אויפמערקזאַמקייט פונעם ענגלישן אימפּעריאַליזם פון אייראָפּע, קעדיי צו פאַרפעסטיקן די העגעמאָניע פונעם פראַנצויזישן אימפּעריאַליזם איבערן קאָנטינענט. דער איטאַליענישער פאַשיזם, וואָס פאַלט פאַנאַנדער צוליב דעם אינערלעך-ווירטשאַפטלעכן אינדוסטריעלן און אַגראַרן קריזיס אין איטאַליע, וויל זיך ראַטעווען דורך א נײַער עקספּאַנסיע אין די פראַנצויזישע קאָלאָניעס באַם מיטל-ים און רײַסט זיך צו א נײַער מילכאָמע-אַוואַנטורע קעגן פראַנקרײַך.

דער קאַמף צווישן פראַנקרײַך און איטאַליע שאַפט א נײַע איבערגרופּירונג בײַ די קלענערע מעלוכעס אין מיזרעך און אין מיזרעך-דאָרעם אייראָפּע, עס פאַרשאַרפט זיך דער קעגנזאַץ צווישן דער קליינער אַנטאַנטע מיט אונגאַרן, צווישן טשעכאָסלאָוואַקיע און רומעניע, צווישן די אַזוי גערופענע אַגראַר-לענדער און אינדוסטריעלע לענדער.

די בריאַנאַדע פון „פּאַן-אייראָפּע" איז אין גרונט א פּרוּוו צו שאַפן אַן איינהייטלעכן פראָנט פון אַלע אייראָפּעישע מעלוכעס אונטער דער אָנפירונג פון פראַנצויזישן אימפּעריאַליזם קעגן דעם אָנגריף פונעם אַמעריקאַנישן אימפּעריאַליזם, ווי אויך קעגן ראַטנפאַרבאַנד.

## דער קעגנזאַץ צווישן פסס"ר און די קאַפּיטאַליסטישע מעלוכעס.

דער וווּקס פון סאָציאַליסטישן אויפבוי אין ראַטנפאַרבאַנד פאַרשאַרפט ביז גאָר דעם קעגנזאַץ צווישן ראַטנפאַרבאַנד און דער קאַפּיטאַליסטישער אַרומרינגלונג.

„דעריבער איז יעדעסמאָל, ווען די קאַפּיטאַליסטישע ווידערשפּרוכן הייבן זיך אָן צו פאַרשאַרפן, ווענדעט די בורזשואַזיע אירע בליקן אין דער זײַט צו פסס"ר: צי קען מען ניט לייזן דעם אָדער יענעם ווידערשפּרוך פונעם קאַפּיטאַליזם, אָדער אַלע ווידערשפּרוכן צוזאַמען גענומען אויפן כעשבן פון פסס"ר, דעם דאָזיקן לאַנד פון די ראַטן, דער ציטאַדעל פון דער רעוואָלוציע, וועלכע רעוואָלוציאָנירט מיט איר עקזיסטענץ גופע דעם אַרבעטער קלאַס און די קאָלאָניעס, וועלכע שטערט צו מאַכן א נײַע מילכאָמע, וועלכע שטערט איבערצוטיילן די וועלט אַף א נײַעם אויפן, וועלכע שטערט צו באַלעבאַטעווען אַף איר גרויסן אינערלעכן מאַרק, וואָס עס איז אַזוי נייטיק פאַר די קאַפּיטאַליסטן באַזונדערס איצט, אין צוזאַמענהאַנג מיטן עקאָנאָמישן קריזיס.

דערפון נעמט זיך די טענדענץ צו אַוואַנטוריסטישע אָנפאַלן אויפן פסס"ר און צו אינטערווענציע, וועלכע (די טענדענץ) דאַרף זיך פאַרשטאַרקן אין צוזאַמענהאַנג מיטן עקאָנאָמישן קריזיס, וואָס וויקלט זיך פאַנאַנדער.

דער סאַמע בולטער אויסדריקער פון דער דאָזיקער טענדענץ אין דעם איצטיקן מאָמענט איז די היינטיקע בורזשואַזנע פראַנקרײַך, דאָס היימלאַנד פון דער ליבעפוילער

„פאַן־אייראָפּע" די „ווינג" פֿון קעלאָג־פּאַקט, דאָס טאַמע אַגרעסיווע און מיליטאַריסטישע לאַגער פֿון אַגרעסיווע און מיליטאַריסטישע לענדער אין דער וועלט".

אָט מיט וואָס עס דערקלערט זיך די פּלוצימדיקייט פֿון פֿראַנצויזישן געשטאַב אין מאָבּיליזירן אַלע שכניישע לענדער פֿון סס"ר און צוגרייטן זיי צו אַ מלחמה מיטן ראַטנפֿאַרבאַנד. דער קריגן־צוג, וואָס איז אָרגאַניזירט געוואָרן פֿון רוימישן פּויפּסט און אונטערגעהאַלטן געוואָרן דורך די קלעריקאַלן פֿון אַלע לענדער און אַלע עמגעס, דער קריג־אָפּמאַך, וואָס איז ניט לאַנג געשלאָסן געוואָרן צווישן פּוילן און רומעניע, ווי אַ דערגאַנצונג צו דעם קריגס־אָפּמאַך פֿון 1926, די רייזעס פֿון פּוילישע גענעראַלן קיין רומעניע, פֿון רומענישע קיין פּוילן, די פֿינצטערע הינטערקוליסן־אינטריגעס פֿון פּוילישע אָפֿיצירן אין די באַלטישע לענדער, דער וווּקס פֿון דער קריג־אינדוסטריע אין פּוילן, די סטראַטעגישע אייזנבאַנען און מלחמה־צוגרייטונגען אין רומעניע, די פֿאַשיסטישע איבערקערענישן אין פֿינלאַנד, דער פּראָיעקט פֿון אַ קריג־אָפּמאַך צווישן פֿינלאַנד און שוועדן, — דאָס אַלץ איז געווענדעט קעגן דעם ראַטנפֿאַרבאַנד. דאָס אַלץ קומט פֿאָר לויט דער איניציאַטיוו און אונטער דער אָנפֿירונג פֿון די גרויס־קאַפּיטאַליסטישע מלוכעס מיט פֿראַנקרייך בראָש.

## דער פֿראָנט פֿון קלאַס קעגן קלאַס.

מיטן וווּקס פֿון קריזיס פֿאַרשאַרפֿן זיך אַלץ מער די קלאַסן־באַציִונגען אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער גופֿא. דער טרעסט־קאַפּיטאַל באַמיט זיך צו ליקווידירן דעם עקאָנאָמישן קריזיס אויפֿן חשבון פֿון אַרבעטער־קלאַס. ער נעמט אונטער אַן אָנגריף אויפֿן אַרבעטס־לוין, אויף דער אַרבעטס־צייט אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער. די קאַפּיטאַליסטישע ראַציאָנאַליזאַציע ווערט, וואָס ווייטער, אַלץ מער אַ סאָציאַלע, זי שטרעבט צו פֿאַרביליקן איר זעלבסטקאָסט אויפֿן חשבון פֿון אַרבעטס־לוין און פֿון דער אַרבעטס־צייט.

„גלייכצייטיק קומט פֿאָר די פֿאַרשאַרפֿונג פֿון די ווידערשפּרוכן אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. דאָס דריקט זיך אויס אין דער וואַקסנדיקער פֿאַשיזירונג פֿון די בורזשואַזע מלוכעס. דערביי ווערט די סאָציאַל־דעמאָקראַטיע איבערגעפֿירט אין סאָציאַל־פֿאַשיזם". (מאָלאָטאָוו. דער באַריכט פֿון דער דעלעגאַציע פֿון אַל. ק. פּ. (ב) אין קאָמינטערן).

דער פּראָצעס פֿון פֿאַשיזירן די בורזשואַזע מלוכעס, וואָס איז נאָך אָנגעמערקט געוואָרן אויפֿן 6־טן קאָנגרעס פֿונעם קאָמינטערן, איז איצט אַ גרונט־דערשיינונג אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, וועלכע קיינער קאָן ניט פֿאַרלייקענען. ניט נאָר פּוילן, יוגאָסלאַוויע, רומעניע, נאָר אויך עסטרייך און דייטשלאַנד גייען איבער פֿון דער אַלטער „דעמאָקראַטיע" צו אָפֿענעם פֿאַשיזם. די שאָבער־רעפֿאָרמע, וואָס איז געשאַפֿן געוואָרן מיטן קויעך פֿונעם אולטראַ־מאַרקסיזם, האָט דורכגעפֿירט די פֿאַשיזירונג פֿון דער עסטרייכישער קאָנסטיטוציע. דאָס פֿאַנאַנדערלאָזן פֿון דייטשן רייכסטאַג לויט אַ דעקרעט פֿונעם ווילהעלמישן פֿעלד־מאַרשאַל הינדענבורג איז אָן סאָפֿעק אַן אָפֿן־פֿאַשיסטישער שריט.

און ניט נאָר אָפֿיציעלע מלוכישע פֿאַשיזאַציע וואַקסט, עס וואַקסט אויך די סאָציאַלע פֿאַשיסטישע באַוועגונג. אין אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער באַמערקט זיך פֿאַר דער לעצטער צייט אַ ריזיקער וווּקס פֿון די פֿאַשיסטישע אָרגאַניזאַציעס, פֿון די רעזערוו־אַרמייען פֿונעם טרעסט־קאַפּיטאַל פֿאַרן בירגער־קריג און פֿאַר אַ נייער וועלט־מלחמה.

גלייכצייטיק מיטן וווּקס פֿונעם אָפֿיציעלן און ניט אָפֿיציעלן פֿאַשיזם, מיטן וווּקס פֿונעם קלאַסן־אָנגריף מצד דעם טרעסט־קאַפּיטאַל, קומט פֿאָר די אַקטיוויזירונג

אין רעוואָלוציאָניזירונג פֿון די ברייטסטע אַרבעטער־מאַסן און פֿייערן זיי אָן די קאַפּיטאַליסטישער לענדער און זיי אין די קאָלאָניאַלע לענדער. א מאַליע פֿון שטרייקן, פֿון אַנופֿהערלעכע שטרייקן, וואָס וואַרפֿן זיך אַריבער פֿון איין אינדוסטריע־געביט אינעם צווייטן, טראָגט זיך איבער אַלע קאַפּיטאַליסטישע לענדער פֿאַר די לעצטע צוויי יאָר. רידאַקציע לויןשטרייקן, וועלכע קומען פֿאָר אין די קריזיס־באַדינגונגען, ווערן אַלץ מער פֿאַרוואַנדלט אין פּאָליטישע שלאַכטן.

„צוזאַמען דערמיט בײַט זיך דער כאַראַקטער אינעם קלאַסנקאַמף אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. דער קאַמף פֿונעם פּראָלעטאַריאַט קען דער בורזשואַזיע ניט אַלץ מער איבער אין א קאָנטר־אָנגריף. דער אָנוווּקס פֿון די עלעמענטן פֿון א נײַעם רעוואָלוציאָנערן אויפֿשטײַג — איז א אומבאַשטרײַטבאַרער פֿאַקט". (מאָלאָטאָוו. אין זײַן באַריכט).

איינער פֿון די גרונט־פֿאַקטאָרן, וואָס רעוואָלוציאָניזירן די ברייטע אַרבעטער־מאַסן אינעם איצטיקן מאָמענט און פֿאַרמירן דעם רוק אויף לינקס, איז, אָן ספֿק, די קאָלאָסאַלע און וואַקסנדיקע אַרבעטלאָזיקייט. די ריזיקע אַרמיי פֿון איבער 20 מיליאָן אַרבעטלאָזע אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער האָט ניט קיין אַנדער אויסוועג, ווי אָנשליסן זיך אָן דעם רעוואָלוציאָנערן קלאַסןשלאַכט פֿון די אַרבעטנדיקע. דער בעסטער באַווײַז, אויף ווי ווײַט די בורזשואַזע אָרדענונג איז ניט פֿעיִק צו באַזײַטיקן די אַרבעטלאָזיקייט, איז דער באַנקראָט פֿון דער אַרבעטער־רעגירונג אין ענגלאַנד. די מאַקדאָנאַלד־רעגירונג, וואָס האָט אין א גרויסער מאָס געוויגט בײַ די וואַלן צוליב אירע האַפֿטאָבעם צו לייזן די פֿראַגע פֿון אַרבעטלאָזיקייט, האָט ניט נאָר ניט פֿאַרקלענערט, נאָר נאָך מער פֿאַרגרעסערט די צאָל פֿון די אַרבעטלאָזע און פֿאַרשאַרפֿט זייער עלנט און נויט.

אויף אַזאַ אויפֿן שאַפֿן זיך צוויי לאַגערן אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער. דער לאַגער פֿון טרעסט־קאַפּיטאַל מיט זײַנע לאַקייען די סאָציאַל־פֿאַשיסטן, וואָס זוכן אַן אויסוועג פֿונעם קריזיס אינעם פֿאַשיזם און א נײַער וועלט־שלאַכט און אין אַן אינטערווענציע קעגן ראַטנפֿאַרבאַנד, און א צווייטער לאַגער — דער לאַגער פֿונעם אויפֿגאַנד פֿונעם רעוואָלוציאָנערן אינטערנאַציאָנאַלן פּראָלעטאַריאַט, וואָס זעט דעם אויסגאַנג פֿונעם קריזיס אין בירגער־קריג, אין א סאָציאַלער רעוואָלוציע, שטיצנדיק זיך אויפֿן ראַטנפֿאַרבאַנד.

וואָס איז די אונטערשטע שורה פֿון דערהאָויקער לאַגע? די אונטערשטע שורה איז, ערשטנס, אַז די קאַפּיטאַליסטישע סטאַביליזאַציע גייט אונטער, אַז דער נײַער רעוואָלוציאָנערער אויפֿשטײַג וועט אַלץ מער און האַסטיקער זיך פֿאַנאַנדערוויקלען, אַז דער עקאָנאָמישער וועלט־קריזיס וועט אין א רײ לענדער אַריבערוואַקסן אין א פּאָליטישן קריזיס.

## די דערגרייכונגען פֿון אונדזער סאָציאַליסטישער בויונג.

„אין קעגנזאַץ צו די קאַפּיטאַליסטישע לענדער, ווו עס הערשט איצט דער עקאָנאָמישער קריזיס און די וואַקסנדיקע אַרבעטלאָזיקייט, שטעלט פֿאָר מיט זיך די אינערלעכע לאַגע פֿון אונדזער לאַנד א בילד פֿון וואַקסנדיקן אויפֿשטײַג פֿון דער פֿאָלקווירטשאַפֿט און פֿון פּראָגרעסיווער פֿאַרקלענערונג פֿון דער אַרבעטלאָזיקייט. עס איז אויסגעוואַקסן און עס האָט פֿאַרשנעלערט די טעמפּן פֿון איר אַנטוויקלונג די גרויסע אינדוסטריע עס האָט זיך פֿאַרפֿעסטיקט די שווערע אינדוסטריע, דער סאָציאַליסטישער סעקטאָר פֿון דער אינדוסטריע האָט זיך א רוק געטאָן ווײַט פֿאָרויס. עס איז אויסגעוואַקסן א נײַע קראַפֿט אין דער לאַנדווירטשאַפֿט — די סאָווכאָזן און קאָלווירטן. אויב מיט צוויי יאָר

צוריק האָבן מיר געהאַט א קריזיס פון דער טוויע־פּראָדוקציע און זיך געשטיצט אין אנדערער ברויט־פּאַרגרייטונג דעריקער אַף דער א גרויסווירטשאַפט, האָט זיך איצט דער שווער־פּונקט איבערגערוקט אַף די קאָלווירטן און סאָווירטן און דעם טוויע־קריזיס קאָן מען רעכענען אין גרונט פאַר געלייזט. די גרונט־מאָסן פון פויערשום האָבן ענטשיידלטיק אקערעווע געטאָן צו די קאָלווירטן. דער ווידערשטאַנד פון באַלעבאַטים איז אָפּגעשלאָגן, די אינערלעכע לאַגע פון פּסס"ר האָט זיך נאָך מער פאַרפעסטיקט.

דעם וווקס פון דער פאָלקווירטשאַפט קאָן מען אילוסטרירן מיט די פאָלגנדיקע ציפערן: אויב צום 15־טן פּאַרטיי־צוזאַמענפאַר האָבן מיר אין דער גאַנצער לאַנדווירטשאַפט געהאַט א ברוטאָ־פּראָדוקציע פון 12,370 מיליאָן רובל ד. ה. 106,6 פּראָצ. פון פאַרמילכאָמעדיקן ניוואָ, איז אין פאָלגנדיקן יאָר, ד. ה. אין 1927־28, האָבן מיר געהאַט 107,2 פּראָצ, און אין 1928־29 — 109,1 פּראָצ. און אין לויפנדיקן יאָר וועלן מיר האָבן נישט ווייניקער פון 114 פּראָצ. פונעם פאַרמילכאָמע־ניוואָ". (סטאַלינס באריכט פון צ. ק.).

אָבער נאָך שאַרפער און גרעסער איז דער וווקס פון אנדערער אינדוסטריע. אינעם לויפנדיקן יאָר וועלן מיר האָבן נישט ווייניקער פון 180 פּראָצ. פון פאַרמילכאָמעדיקן ניוואָ. באַזונדערס איז אויסגעוואַקסן דער ספּעציפישער געוויכט פון דער אינדוסטריע אין דער ברוטאָ־פּראָדוקציע פון דער גאַנצער פאָלקווירטשאַפט. אויב אין דער פאַרמילכאָמע־צייט האָט דער בײַלעק פון דער אינדוסטריע אין דער ברוטאָ־פּראָדוקציע פון דער פאָלקווירטשאַפט באַטראָפן 42,1 פּראָצ., דאַרף אין 1929־30 דער בײַלעק פון דער אינדוסטריע באַטרעפן נישט ווייניקער פון 53 פּראָצ.

נאָך פולער באַקומט זיך דאָס בילד פונעם אינדוסטריאַליזאַציע־טעמפּ, ווען מע נעמט די דינאַמיק פון דער פאַרהעלטעניש צווישן דער שווערער און לײַכטער אינדוסטריע: אויב אין 1927־28 יאָר האָט דער בײַלעק פּראָדוקציע פון געצײַג און פּראָדוצירמיטלען אין דער אַלגעמײַנער אינדוסטריע באַטראָפן 27,2 פּראָצ., וועט ער אין 1929־30 יאָר באַטרעפן 32,7 פּראָצ.

„די אַנטוויקלונג פון אונדזער פאָלקווירטשאַפט נייט אונטער צייכן פון אינדוסטריאַליזאַציע, אונטערן צייכן פון פאַרפעסטיקן און אַנטוויקלען אונדזער אייגענע שווערע אינדוסטריע. דאָס באַטײַט, אַז מיר האָבן שוין אָנגעהויבן און אַנטוויקלען ווײַטער דעם יעסאָד פון אונדזער עקאָנאָמישער אומאָפּהענגיקייט, אונדזער שווערע אינדוסטריע". (סטאַלין, באַריכט פון צ. ק.).

אונדזער אינדוסטריע צייכנט זיך אויס מיט דעם וואַקסנדיקן איבערוואָג פון די סאָציאַליסטישע. די קאַפּיטאַליסטישע אינוועסטיציעס אינעם פאַרגעזעלשאַפטלעכן סעקטאָר פון דער סאָציאַליסטישע פאָרמען אין דער אינדוסטריע. אונדזער אינדוסטריאַליזאַציע איז א סאָציאַליסטישע. אין דער אינדוסטריע ווינען אויסגעוואַקסן מער, ווי אין דרײַ מאָל אין די קאַפּיטאַליסטישע אינוועסטיציעס זײַנען געפאַלן אַף 0,2 די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פון דער גרויסער אינדוסטריע קומען אום:

„עס איז קלאָר, אַז די פראַגע „ווער־וועמען", די פראַגע וועגן דעם, צי דער סאָציאַליזם וועט באַזיגן די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן אין דער אינדוסטריע, אָדער די קאַפּיטאַליסטישע וועלן באַזיגן דעם סאָציאַליזם, איז שוין געלייזט אין גרונט לטובת די סאָציאַליסטישע פאָרמען פון דער אינדוסטריע. געלייזט ענדגילטיק און פעסט" (סטאַלין, באַריכט פון צ. ק.).

דער מאַסשטאַב פון אונדזערע אינדוסטריאַליזאַציע־טעמפּן איז:

„מיר געפינען זיך ערעוו דער פאַרוואַנדלונג פון אַן אַגראַר־לאַנד אין אַן אינדוסטריע־לאַנד (סטאַלין, באַריכט פון צ. ק.)".

צוזאַמען מיט די גרויסע טעמפּן פון אונדזער אינדוסטריאַליזאַציע איז אויך שטאַרק אויסגעוואַקסן די צאָל לוין־אַרבעטער. דידאָזיקע צאָל האָט זיך פאַרגרעסערט פון 11,5 מיליאָן אַף 13,3 מיליאָן. די צאָל אַרבעטער, וואָס זיינען באַשעפטיקט אין דער אינדוסטריע, האָט זיך פאַרגרעסערט פון 3 מיליאָן אַף 3,5 מיליאָן.

פאַר די לעצטע 5 יאָר איז באַזונדערס אויסגעוואַקסן אויך דער אַרבעטלוין. היינט איז דער רעאַלער אַרבעטלוין אויסגעוואַקסן אַף 39 פּראָצ. און מיטן סאָצשטראַך און אַלע פאָנדן אַף פאַרבעסערן דעם לעבנסשטייגער פון די אַרבעטער—אַף 67 פּראָצ.

## דער קאַמף פאַר די טעמפּן אין דער סאָציאַליסטישער בויונג.

„עס וואָלט געווען אַ גרויסער פעלער צו מיינען, אַז אונדזערע דערגרייכטע דערפאָלגן זיינען אונדז אָנגעקומען אָן אַ האַרטן קאַמף, אַז זיי זיינען געקומען פון זיך אַליין. די רעכטע האָבן ניט פאַרשטאַנען און פאַרשטייען ניט ביז היינטיקן טאָג, אַז נאָר דורך אַן אומבאַראַכמאָנעסדיקן קאַמף מיטן באַלעבאָס, מיטן נעפּמאַן, מיטן שעדיקער, מיטן ביוראָקראַט האָט מען עס געקאָנט דערגרייכן. (אָרדזשאָניקידזע. אין זיין באַריכט).

און אָט דער קאַמף פאַר די טעמפּן פון אונדזער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע דאַרף אויך ווייטער געפירט ווערן. דער קאַמף דריקט זיך אויס איצט אין לאָזונג צו פאַרווירקלעכן דעם פינפיאָר אין פיר יאָר.

„אייניקע באַאַמטע קוקן סקעפּטיש אָפן לאָזונג „דער פינפיאָר אין פיר יאָר“. ערשט נאָך נאַרניט לאַנג האָט איין טייל באַאַמטע אָפּגעשאַצט אונדזער פינפיאָר, וואָס איז באַשטעטיקט געוואָרן אָפן 5־טן סאָוועטן־צוזאַמענפאָר, ווי פאַנטאַסטיק. איך רייד שוין ניט וועגן די בורזשואַזע שרייבער, בײַ וועלכע די אויגן קריכן אַרויס אָפן שטערן בלויז פון וואָרט אַליין „פינפיאָר“. און וואָס האָבן מיר ווירקלעך, אויב מע זאָל באַטראַכטן דעם פינפיאָר פונעם שטאַנדפּונקט פון זיין פאַרווירקלעכונג פאַר די ערשטע 2 יאָר? וועגן וואָס זאָגט דער קאָנטראָל פון אויספילן דעם פינפיאָר אין זיין אָפּטימאַלן וואַריאַנט? ער זאָגט ניט נאָר וועגן דעם, אַז מיר קאָנען אויספילן דעם פינפיאָר אין פיר יאָר. ער זאָגט נאָך וועגן דעם, אַז מיר קאָנען אויספילן אין אַ גאַנצער ריי אינדוסטריע־צווייגן אין דריי און אַפילע אין דריטהאַלבן יאָר“ (סטאַלין, אין זיין באַריכט פון צ. ק.).

די ווייכטיקסטע אויפגאַבע פאַר דער ווייטערדיקער אַנטוויקלונג פון דער סאָציאַליסטישער בויונג, וואָס איז אָנגעמערקט געוואָרן פון 16־טן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר, איז די פּראָבלעם ריכטיק פאַנאַנדערצוטיילן די אינדוסטריע איבערן פסס״ר. אונדזער אינדוסטריע שפּאַרט זיך אָן אין גאַנצן אַף דער קוילן־מעטאַלורגישער באַזע אין אוקראַינע. אָבער די־דאָזיקע באַזע קאָן אַף ווייטער ניט באַפרידיקן:

„אַלע אָנגאַבן זאָגן אונדז, אַז זי קאָן ניט. דאָס נייע אין דער אַנטוויקלונג פון אונדזער פאָלקווירטשאַפט באַשטייט צווישן אַנדערס אין דעם, וואָס דידאָזיקע באַזע איז שוין געוואָרן פאַר אונדז ענג. דאָס נייע באַשטייט אין דעם, אַז אַלמעגלעך אַנטוויקלענדיק דידאָזיקע באַזע אויך אַף ווייטער, דאַרפן מיר צוזאַמען דערמיט אָנהייבן שאַפן אַ צווייטע קוילן־מעטאַלורגישע באַזע. דידאָזיקע באַזע דאַרף זיין דער אוראַל־קוזנעצקער קאָמבינאַט, די פאַרייניקונג פון די קוזנעצער קאָקס־קוילן מיט אוראַלער אַרץ. די בויונג פון אויטאָ־זאַוואָד אין ניזשני, פון טראַקטאָר־זאַוואָד אין טשעליאַבינסק, פונעם מאַשין־בויערשן זאַוואָד אין סווערדלאָווסק און די קאָמביין־זאַוואָדן אין סאַראַטאָוו און נאָוואָסיבירסק, די וואַקסנדיקע קאָלירנע מעטאַלורגיע אין סיביר און קאַזאַקסטאַן, וועלכע

פאָדערט די באַשאַפונג פון א נעץ רעמאָנט-וואַרשטאַטן און א ריי גרונטיקע מעטאַל-וואַרן און מיזרעך. צוליעצט, דער באַשלוס וועגן אויסבויען טעקסטיל-פאַבריקן אין נאָוואָסיבירסק און טורקעסטאַן — דאָס אַלץ באַדײַט, מע וועט שטאַרק צושטערן צו שאַפן א צווייטע קוילן-מעטאַלורגישע באַזע אַף אוראַל". (סטאַלין, אין זײַן באַריכט פון צ. ק.).

ווײַטער קומט די פּראָבלעם פון ריכטיקער פאַרטיילונג פון די גרונט-צווייגן פון דער לאַנדווירטשאַפט פון פסס"ר. בײַ א קליינער פּריוואַטער ווירטשאַפט איז אוממעגלעך געווען דורכצופירן די ספּעציאַליזאַציע פון פאַרשיידענע געגנטן לויט לאַנדווירטשאַפטלעכע קולטורן און צווייגן. אָבער איצט, ווען מיר האָבן געשאַפן מעלוכישע סאָוו-ווירטשאַפטן און א גרויסע לאַנדווירטשאַפט אין פאָרם פון סאָווירטן און קאָלווירטן, קאָנען מיר אָרגאַניזירן ריכטיק די ספּעציאַליזאַציע פון דער לאַנדווירטשאַפט לויט פאַרשיידענע קולטורן און צווייגן.

# די קאָלעקטיוויזאַציע און דער אופשטײַג פון אונדזער לאַנדווירטשאַפט.

די רעזאָלוציע פון 16-טן צוזאַמענפאָר איבערן באַריכט פון צ. ק. פאַרצייכנט, אַז דער פּאַרטיי איז געלונגען צו דערשלאָגן זיך דעם איבערבראָך אין אונדזער לאַנדווירטשאַפט אין רעזולטאַט פון 1) דעם שנעלן אַנטוויקלונגס-טעמפּ פון אונדזער אינדוסטריע, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם שליסל צו דער רעקאָנסטרוקציע פון אונדזער לאַנדווירטשאַפט אַף קאָלעקטיווע יסודות, 2) די מאַסאָווע פאַנאַנדערוויקלונג פון דער קאָאָפּערירונג, די אָרגאַניזירונג פון מאַשין-טראַקטאָרישע סטאַנציעס און די אַנטוויקלונג פון סאָווירטן, 3) דורך דעם אָנגריף אַף די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פונעם דאָרף (באַלעבאַטים), אַף דער באַזע פון א צוזאַמענבונד מיטן מיטל-פּויערטום, וואָס שטעלט מיט זיך פאָר דעם גרונט פון דער קאָלווירטישער באַוועגונג אינעם איצטיקן מאָמענט, 4) דורך דער פאַרניכטונג פונעם קאָנטר-רעוואָלוציאָנערן טראָצקיזם און דעם רעכטן אָפּנייג (די רעזאָלוציע פונעם 16-טן פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר איבער כ' יאַקאָוולעווס פאָרטראַג).

דער גרעסטער נוצאָכן פון אונדזער פּאַרטיי איז דאָס, וואָס מיר האָבן אין גאַנצן געלייזט די טוווע-פּראָבלעם, וואָס מיר האָבן באַזייטיקט דעם טוווע קריזיס, באַשאַפנדיק גרויסע פאַרגעזעלשאַפטלעכטע לאַנדווירטשאַפטלעכע אונטערנעמונגען. שוין אין לויפנדיקן יאָר וועלן מיר באַקומען נאָר פון די קאָלווירטן אַליין מער, ווי א העלפט פונעם סכוירע-ברויט — איבער 500 מיליאָן פוד. אויסערדעם וועלן די טוווע-סאָווירטן שוין הײַנטיקס יאָר געבן אונדז מער ווי הונדערט מיליאָן פוד סכוירע-ברויט.

צום ערשטן מאָל האָבן מיר הײַיאָר דערגרייכט, אַז דער פאַרזיי-שטעך פון די טוווע-קולטורן זאָל איבערשטײַגן דעם פאַרמילכאָמעדיקן ניוואָ, ער וועט הײַיאָר אויסמאַכן 105,1 פּראָצ. לעגאַבע דעם פאַרמילכאָמעדיקן. די ברוטאָ-פּראָדוקציע פון דער טוווע-לאַנדווירטשאַפט וועט באַטרעפן 110 פּראָצ. לעגאַבע דער פאַרמילכאָמעדיקער און דאָס אַלץ איז דערגרייכט געוואָרן אויסשליסלעך צוליב דעם ריזיקן און האַסטיקן טעמפּ פון דער קאָלעקטיוויזאַציע.

אין 1913 יאָר האָבן די פּריצים און באַלעגופים פאַרמאָגט 17 מיליאָן העקטאַר פינעם פאַרזיי-שטעך, אין 1927 יאָר האָבן די באַלעגופים געהאַט 10 מיליאָן העקטאַר און הײַנט האָבן די קאָלווירטן און סאָווירטן א פאַרזיי-שטעך פון 33 מיליאָן העקטאַר. אין די איבערגעמאַכטע יאָרן האָט דער אַרויסלאָז פון סכוירע-ברויט פון די אויבנדערמאָנטע ווירטשאַפטן באַטראָפן דרײַ פינפטל פּריציש-באַלעגופיש ברויט, שפּעטער אין

פערטל באַלעבאַטיש ברויט און איצט — מער ווי א העלפט קאָלווירטיש ברויט. אויף אזא אופן האָבן אונדזערע קאָלווירטן צוזאַמען איבערגעשטיגן די באַלעבאַטישע פּראָדוקציע פון סכוירהדיש ברויט. דאָס איז דער ערשטער שוואַלב פון קאָלווירטישן פרילינג. (יאַקאָוולעוו פאָרטראַג אויפן 16-טן פּאַרטיי צוזאַמענפאָר).

די וויכטיקסטע מײַלע פון די קאָלווירטן באַשטייט אין זייער הויכער פּראָדוקטיווקייט אין פאַרגלײַך צו דער אינדיווידועלער ווירטשאַפט. לויט די אָנגאַבן וואָס עס האָט צונויפגעשטעלט די סטאַטיסטישע אויספאָרשונג פון אונדזערע קאָלווירטן, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן אין האַרבסט פאַריקן פרילינג, ווײַזט זיך אַרויס, אַז די קאָלווירטניקעס, וואָס האָבן זיך ערשט האַרבסט פאַראייניקט אין קאָלווירטן, האָבן פאַרזייט 36 מיליאָן העקטאַר אין דער צײַט, ווען די זעלבע קאָלווירטניקעס, זײַענדיק נאָך אויסער די קאָלווירטן, האָבן פאַרזייט פאַראַיאָרן אינגאַנצן 24 מיליאָנען העקטאַר. דאָס באַווײַזט, אַז דער וווּקס פונעם פאַרזייטשטעך אין דער מאַסן-ווירטשאַפט איז א רעזולטאַט דער ריכטיקער פון איבערגאַנג צו קאָלעקטיוויזאַציע.

עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז אַן אײַנפאַכע צונויפשטעלונג פון דעם אינווענטאַר, וואָס עס פאַרמאָגט דער איינצל-פויער הייבט די פּראָדוקטיווקייט פון דער לאַנדווירטשאַפט פון 40 ביז 50 פּראָצ.

וואָס פאַר א גרויסע מעגלעכקייטן און אויסזיכטן עס שטעלט מיט זיך פאָר די קאָלעקטיוויזאַציע לעגאַבע די פּריוואַטע איינצל-ווירטשאַפט האָט כ' יאַקאָוולעוו אילוסטרירט מיט א רײַ פאַרגלײַכונגען צווישן די רעזולטאַטן פון אונדזער קאָלעקטיוויזירטער לאַנדווירטשאַפט און די רעזולטאַטן פון דער לאַנדווירטשאַפט אין די פאַראייניקטע שטאַטן:

„אין די פאַראייניקטע שטאַטן האָט דער מיליאָן טראַקטאָרן, וועלכע געהערט די גרויס-קאַפּיטאַליסטישע ווירטשאַפטן, אין משך פון 10 יאָר צײַט געגעבן א צוווּקס פונעם פאַרזייטשטעך אויף 4 מיליאָן העקטאַר. נאָר 4 מיליאָן העקטאַר! בײַ אונדז אָבער, בײַ דער ניט בעערעכנדיק קלענערער צאָל שטאָלענע פערד דאָסמאָל דורך אַן אײַנפאַכער צונויפשטעלונג פון די אַלטע פויערשע פּראָדוקציע-מיטלען, האָבן די קאָלווירטניקעס פאַרגרעסערט דעם פאַרזייטשטעך קעגן דעם, וואָס איז געווען בײַ די אינדיווידועלע ווירטשאַפטן, אויף 12 מיליאָן העקטאַר. דאָס האָט אונדז געגעבן די מעגלעכקייט ניט נאָר צו דערגאַנצן דעם שאָדן אין פאַרזייטשטעך, וואָס איז געקומען ווי א רעזולטאַט פון דער ליקווידאַציע פונעם באַלעבאָס, נאָר אויך צו פאַרגרעסערן דעם אַלגעמיינעם פאַרזייטשטעך פון דעם יאָר בערעך אויף 7,4 מיליאָן העקטאַר". (יאַקאָוולעוו).

עס ווײַזט זיך אַרויס, אַז מיר מיט אונדזערע קאַרגע 80 טויזנט טראַקטאָרן האָבן דערגרייכט אַמאָל א העכערע פּראָדוקטיווקייט, ווי די לאַנדווירטשאַפט אין די פאַראייניקטע שטאַטן מיט איר מיליאָן טראַקטאָרן. דער דאָזיקער וווּנדער איז געשען נאָר מיטן קויעך פון דער געזעלשאַפטלעכער פאָרם פון אונדזער לאַנדווירטשאַפט, מיטן קויעך פון דער קאָלעקטיוויזאַציע.

כ' יאַקאָוולעוו האָט אויך אָנגעוויזן, אַז דער אונטערשייד איז ניט נאָר א ווירטשאַפטלעכער, נאָר אויך א סאָציאַלער. אין דער צײַט, ווען אונדזערע קאָלווירטן הויבן דעם מאַטעריעלן ניוואָ פונעם פויער, פאַרבעסערן זײַן לאַגע, ווערט דער אַמעריקאַנער פאַרמער אַלץ מער רואינירט.

די קאָלעקטיוויזאַציע, וועלכע האָט אַרומגענומען די גרונט-מאַסע פון אָרעמע און מיטעלע פויערים, שטעלט מיט זיך פאָר דעם גרעסטן ניצחון פון דער גענעראַלער פּאַרטיי-ליניע און דעם אײַנציקן אויסוועג פאַר אָפּשאַפן דעם אײַנריס, וואָס האָט זיך באַקומען צווישן די טעמפּן פון אונדזער אינדוסטריאַליזאַציע און דער אָפּגעשטאַנענער אינדיווידועלער פויערשער ווירטשאַפט.

אונדזערע גרויסע דערגרייכונגען בײַ דער קאָלעקטיוויזאַציע פון דער לאַנדווירטשאַפט האָט פאַרברייטערט די באַזע פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, שאַפנדיק פאַר איר אַ נײַעם אָנשפּאַר אין דעם קאָלווירטישן סעקטאָר פון דער לאַנדווירטשאַפט. אָט פאַרוואָס דער 16-טער פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר האָט באַשלאָסן צו ענדערן אונדזער אַלטן לאָזונג בנוגע דעם צוזאַמענשלוס מיטן פויערטום און צופּאַסנדיק אים צו די נײַע באַדינגונגען פאָרמולירט אים, אַז אין די ראַיאָנען פון דורכויסיקער קאָלעקטיוויזאַציע איז אונדזער אָנשפּאַר דער קאָלווירטניק, סײַ דער מיטל-פויער און סײַ דער אָרעמפויער.

דער איבערגאַנג פון די ברייט-פויערישע מאַסן פון איינצל-ווירטשאַפט צו קאָלווירטן האָט אָנגענומען אַזאַ טעמפּ, וואָס האָט איבערגעשטיגן אַלע אונדזערע אָנגעמערקטע אָפּטימאַלע פּלענער און אַלע אונדזערע דערוואַרטונגען.

„מע דאַרף אָנערקענען, אַז קיין איין צווײַג פון אונדזער אינדוסטריע, וואָס אַנטוויקלט זיך בכלל מיט אַ גענוג שנעלן טעמפּ, האָט נאָך ניט געגעבן אַזעלכע ניט געזעענע טעמפּן פון אויפשטײַג, ווי די קאָלווירטישע בויונג. וועגן וואָס רעדן די דאָזיקע ציפערן? זיי רעדן פריער פאַר אַלץ וועגן דעם, אַז די ברויט-פּראָדוקציע פון שטח אין די קאָלווירטן איז אויסגעוואַקסן פאַר דרײַ יאָר מער, ווי אין 50 מאָל און די סכוירהדיקע—מער, ווי אין 40 מאָל. זיי רעדן, צווייטנס, וועגן דעם, אַז מיר האָבן די מעגלעכקייט צו באַקומען דאָס יאָר פון די קאָלווירטן העכער אַ העלפט פון דער גאַנצער סכוירה-פּראָדוקציע פון תבואה אין לאַנד. זיי רעדן, דריטנס, וועגן דעם, אַז דער גורל פון דער לאַנדווירטשאַפט און פון אירע גרונט-פּראָבלעמען וועלן פון איצט אָן באַשטימען ניט די אינדיווידועל-פויערישע ווירטשאַפטן, נאָר די קאָלווירטן און די סאָווכאָזן. זיי רעדן, פערטנס, וועגן דעם, אַז דער פּראָצעס פון ליקווידירן דאָס באַלעבאַטישע קלאַס גייט בײַ אונדז פאָראויס אין פולן גאַנג. זיי רעדן ענדלעך וועגן דעם, אַז אינעם לאַנד זײַנען שוין פאָרגעקומען אַזעלכע עקאָנאָמישע איבערבײַען, וועלכע גיבן דעם פולן גרונט פעסטצושטעלן, אַז אונדזער לאַנד האָט זיך אײַנגעגעבן אַ קער צו טאָן דאָס דאָרף אויף אַ נײַעם וועג, אויפן וועג פון קאָלעקטיוויזאַציע, וואָס דערמיט אַליין האָבן מיר פאַרזיכערט די דערפאָלגרײַכע בויונג פון סאָציאַליזם ניט נאָר אין שטאָט, נאָר אויך אין דאָרף". (סטאַלין. אין זײַן באַריכט פון צ.ק.).

## דער קאַמף מיט אונדזערע שוועריקייטן.

כ' סטאַלין האָט אָנגעוויזן אין זײַן באַריכט, אַז די הויפּט-כאַראַקטעריסטיק פון אונדזערע שוועריקייטן באַשטייט אין דעם, וואָס זיי זײַנען שוועריקייטן פון וווּקס פון רעקאָנסטרוקציע-פּעריאָד.

„פריער פאַר אַלץ דאַרף מען דיסקוטירן דעם אומשטאַנד, אַז אונדזערע איצטיקע שוועריקייטן זײַנען שוועריקייטן פון רעקאָנסטרוקציע-פּעריאָד. וואָס הייסט עס? דאָס הייסט, אַז זיי אונטערשיידן זיך ראַדיקאַל פון די שוועריקייטן פון אויפשטעלונג-פּעריאָד פון אונדזער ווירטשאַפט. אויב בײַם אויפשטעלונג-פּעריאָד האָט זיך געהאַנדלט וועגן אָנלאָזן די אַלטע זאַוואָדן און העלפן דער לאַנדווירטשאַפט אויף איר אַלטער באַזע, האַנדלט זיך איצט וועגן דעם, מע זאָל ראַדיקאַל איבערבויען רעקאָנסטרויִרן סײַ די אינדוסטריע, סײַ די לאַנדווירטשאַפט, ענדערנדיק זייער טעכנישע באַזע, באַוואָפנענדיק זיי מיט מאָדערנער טעכניק. דאָס הייסט, אַז פאַר אונדז שטייט די אויפגאַבע צו איבערבויען די גאַנצע טעכנישע באַזע פון דער פאָלקווירטשאַפט. און דאָס פאָדערט נײַע, מער גענײַטע קאַדרען, וועלכע זאָלן זײַן פעיִק צו באַהערשן די נײַע טעכניק און זי אַ רוק טאָן פאָרויס".

(סטאַלין. באַריכט פון צ.ק.).

די צווייטע אויפֿגאַבע פֿון דער רעקאָנסטרוקציע, ווי סטאַלין ווײַזט אָן, באַשטייט אַ-נעם פֿאַרשטאַרקן דעם פּראָצעס פֿון אַרויסשטויסן די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן פֿון דער אינדוסטריע. די דאָזיקע אויפֿגאַבע איז באַזונדערס שווער דורכצופֿירן אין דער לאַנד-ווירטשאַפֿט, ווו די מערהייט טראָגט נאָך אַ קליין-ווירטשאַפֿטלעכן כאַראַקטער. דעריבער, דאָס, וואָס די סאָציאַליסטישע רעקאָנסטרוקציע פֿון דער פֿאָלקווירטשאַפֿט רייסט אויס מיטן וואָרצל אַלע קרעפֿטן פֿון דער אַלטער בורזשואַזער וועלט, דאָס רופֿט אַרויס דעם פֿאַר-צווייפֿלטן ווידערשטאַנד פֿון די דאָזיקע קרעפֿטן, דאָס רופֿט אַרויס די באַוווּסטע שע-דיקונג פֿונעם אויפֿגעריבענעם טייל פֿון דער בורזשואַזער אינטעליגענץ אין אַלע צווייגן פֿון אונ-דזער אינדוסטריע, דעם ווילדן קאַמף פֿונעם קולאַק קעגן די קאָלעקטיווע ווירטשאַפֿט-פֿאָרמען אין דאָרף און דעם סאַבאָטאַזש מיצאַד די ביוראָקראַטישע עלעמענטן אין אַפּאַ-ראַט. אָט דער פֿאַרשאַרפֿטער ווידערשטאַנד פֿון אַלע קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן קעגן דעם קלאַסן-אָנגריף פֿונעם סאָציאַליזם אויפֿן גאַנצן פֿראָנט פֿאַרגרעסערן די שוועריקייטן פֿאַר אונדזער רעקאָנסטרוקטיווער אַרבעט.

אָבער דערמיט, וואָס אונדזערע שוועריקייטן „זײַנען ניט קיין שוועריקייטן פֿון יע-רידע אָדער שוועריקייטן פֿון שטילשטאַנד, נאָר שוועריקייטן פֿון וווּקס, שוועריקייטן פֿון אויפֿשטײַג, שוועריקייטן פֿון באַוועגן זיך ווײַטער, ד. ה. אַז אונדזערע שוועריקייטן אונטערשיידן זיך ראַדיקאַל פֿון די שוועריקייטן בײַ די קאַפּיטאַ-ליסטישע לענדער..." וואָס באַדײַט דאָס? דאָס באַדײַט, אַז אונדזערע שוועריקייטן זײַ-נען אַזעלכע, וועלכע אַנטהאַלטן אַליין אין זיך די מעגלעכקייט בײַצוקומען זיי. דאָס הייסט, אַז דער שטריך, וואָס צייכנט אויס אונדזערע שוועריק-קייטן, באַשטייט אין דעם, וואָס זיי גיבן אונדז אַליין אַ באַזיס פֿאַר בײַקו-מען זיי" (סטאַלין, אין זײַן באַריכט).

ווירטשאַפֿטלעך איז דער וועג צו בײַקומען די שוועריקייטן אָנגעצייכנט געוואָרן דורכן 16-טן צוזאַמענפֿאָר צוערשט דורך דער מעגלעכקייט צו ווענדן זיך איצט אַנשטאָטן צו דער לײַכטער אינדוסטריע. איצט, ווען מיר האָבן שוין אויפֿגעשטעלט אונדזער שווערע אינדוסטריע און מיר קאָנען שוין באַזאָרגן מיט מאַשינען אונדזער לײַכטע אינדוסטריע דורך אונדזער אייגענער מאַשין-בוי-אינדוסטריע, איצט, ווען די תבואה-פּראָבלעם איז דאַנק דער קאָלעקטיוויזאַציע אין גרונט געלייזט געוואָרן און די ספּעציעלע לאַנדווירטשאַפֿטלעכע קולטורן, ווי באַוווּל, לײַן און אַנדערע האָבן איבערגעשטיגן דעם פּלאַן, האָבן מיר שוין די פֿולע מעגלעכקייטן גלײַכצײַטיק מיט דער פֿאַנאַנדערוויקלען פֿון דער גרויס-אינדוסטריע אויך פֿאַרגרעסערן און פֿאַרשטאַרקן דעם בוי-טעמפּ פֿון דער לײַכטער אינדוסטריע און אויף אַזאַ אופֿן, אין דער נאָענטסטער צײַט, אין גרונט ליזן די שוועריקייט, דעם סחורה-הונגער, וואָס איז פֿאַרבונדן מיט דער לײַכטער אינדוסטריע.

אויך באַזונדערס די לאַנדווירטשאַפֿט שטייט פֿאַר אונדז איצט אויסשאַרפֿן די פּראָב-לעם פֿון פֿיצוכט. דער מאַנגל אין פֿלייש, אין פּוטער און מילך איז אין גרונט אַ רעזולטאַט פֿון דער אָפּגעשטאַנענקייט און אָנטבֿירעריקייט פֿון אונדזער לאַנדווירטשאַפֿט.

ווי ווײַט איז דער אויסוועג? דער אויסוועג איז דאָ אין אָרגאַניזירן גרויסע סאָציאַליס-טישע ווירטשאַפֿטן (סאָוכאָזן און קאָלכאָזן) אין די ראַיאָנען פֿון פֿיצוכט און אין דער אָרגאַניזירונג פֿון גרויסע פֿלייש- און פֿעטס-פּראָדוצירנדיקע סאָציאַליסטישע אונטערנעמונגען. צו אַזעלכע גרויסע אונטערנעמונגען זײַנען מיר מיט אַ פֿאַרגיכטן טעמפּ שוין צוגעטראָטן, אַזוי, צום בײַשפּיל, האָבן די אָרגאַניזאַציעס פֿון פֿיצוכט, מאַוער-צוכט אָנגעהויבן צו בויען צען מאַרגאַרין-זאַוואָדן, וואָס קאָנען פֿאַרבײַטן דעם מאַנגל אין פֿלאַנצן פֿעטס.

אָבער קעדיי צו פֿאַרווירקלעכן די נײַע מאַסמיטלען אויף צו ליזן די פֿלייש- און פֿעטס-פּראָבלעם איז נייטיק די ספּעציאַליזאַציע אין די לאַנדווירטשאַפֿטלעכע ראַיאָנען, די מעג-

לעבעקייט צו פּלאַנירן די לאַנדווירטשאַפט איז געשאַפן געוואָרן נאָר דורך דער קאָלעקטיוויזאַציע. עס פאַרשטייט זיך, אַז די פּריוואַטע ווירטשאַפט האָט מען ניט געקענט פּלאַנירן.
דער 16-טער צוזאַמענפאָר האָט דערויף באַשלאָסן:

„אינטעליגענט איבערצוקוקן דעם פינפיאָר-פּלאַן פאַר דער לאַנדווירטשאַפט, אויסגייענדיק דערפון, פון די קאָלעקטיוויזאַציע-טעמפּן, וואָס זיינען אָנגעמערקט געוואָרן אין די באַשלוסן פונעם צ.ק. פונעם 5-טן יאַנוואַר, וואָס האָבן זיך אינגאַנצן באַשטעטיקט דורך דער דורכפירונג, קענטיק מיט דער פאַרגרעסערונג פון דער אַנטוויקלונג פון די טעכנישע און טוווע-קולטורן צוגלייך אויך פאַרזיכערן אַ העכערע און געשטייגערטע אַנטוויקלונג פונעם פיכצוכט, פריער פאַר אַלץ דורך דער אַנטוויקלונג פון ספּעציעלע קאָלווירטן און סאָווירטן פון פיכצוכט, ענלעך צו די טוווע-סאָווירטן, און דורך מאַסאָווע קאָלווירטישע פערמעס פון הייכער פּראָדוקטיווקייט.

ביכלאַל דאַרף די קאָלעקטיוויזירונג פונעם גאַנצן ראַטנפאַרבאַנד צום סוף פונעם פינפיאָר-פּלאַן אין גרויסן פאַרענדיקט ווערן. דער פּראָצענטשטעל פון די קאָלווירטן דאַרף צו דערגרייכן ביז דעם 9 צענטל פון דער גאַנצער טעריטאָריע פונעם ראַטנפאַרבאַנד.

## פּראָבלעמען פון דער קולטור-רעוואָלוציע.

דער 16-טער פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר האָט פאַרצייכנט, אַז דער טעמפּ פון אונדזער קולטור-בויונג שטייט שטאַרק אָפּ פון אונדזערע ווירטשאַפטלעכע בוי-טעמפּן. און דער רעזאָלוציע, וואָס איז אָנגענומען געוואָרן צום באַריכט פון צ.ק., ווערט באַטאָנט:

„דער 15-טער פּאַרטיי-צוזאַמענפאָר האָט דערפון ריכטיק אַרויסגערוקט, ווי איינע פון די וויכטיקסטע פּראָבלעמען פון רעקאָנסטרוקציע-פּעריאָד — די פּראָבלעם פון דער קולטור-רעוואָלוציע. דאָך זיינען די פאַנאַנדערוויקלונג-טעמפּן פון דער קולטור-בויונג ניט קיין גענוגנדיקע. דער צוזאַמענפאָר מאַכט אויפמערקזאַם אויף דער נויטווענדיקייט צו פאַרשטאַרקן זיי. די דורכפירונג פון דער אַלגעמיינער אָבליגאַטאָרישער בילדונג און די ליקווידאַציע פונעם אַנאַלפאַבעטיזם דאַרף ווערן אַ שלאָג-אויפגאַבע פון דער פּאַרטיי אינעם נאָענטסטן פּעריאָד".

די צווייטע שלאָג-אויפגאַבע פון דער פּאַרטיי אין איצטיקן מאָמענט איז די צוגרייטונג פון קאַדרען. בײַ אונדז הערשט אַ גרויסער הונגער אין קאַדרען אויף אַלע געביטן פון דער סאָציאַליסטישער בויונג. די לייזונג פון דער דאָזיקער פּראָבלעם דאַרף דורכגעפירט ווערן לויט דער פּאָליטישער ליניע, וואָס איז אָנגעצייכנט געוואָרן פון ח' סטאַלין: 1) אַנטשיידנער קאַמף קעגן די שעדיקער, 2) מאַקסימום זאָרג און כּוח באַוויזן דער ריזיקער שפּעציאַליסטן און טעכניקער, וועלכע האָבן זיך אָפּגעגרענעצט פון די שעדיקער, 3) אָרגאַניזירן טעכנישע הילף פון אויסלאַנד, 4) שיקן אונדזערע ווירטשאַפטלער קיין אויסלאַנד זיך לערנען, 5) איבערגעבן די טעכנישע וויסנשאַפטלעכע לערן-אַנשטאַלטן צו די אַנטשפּרעכנדיקע ווירטשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס.

## די פּאַרטיי-אַרבעט אין דער רעקאָנסטרוקציע פּעריאָד.

דער וווּקס פון דער מאַסן-אַקטיווקייט, וואָס איז געוואָרן אַ גרונט-פאַקטאָר אין דער סאָציאַל-פּאָליטישער באַוועגונג, האָט געפאָדערט פון דער פּאַרטיי איבערצואָרגאַניזירן און שאַפן נייע פאָרמען פאַר דער אָנפירונג מיט דער אויפגעוואַקסענער מאַסן-אַרבעט.

„דער טאָך פון באָלשעוויסטישן אָנגריף באַשטייט קודעמקאָל אין מאָבילוזירן די קלאַסן־וואַכזאַמקייט און די רעוואָלוציאָנערע אַקטיווקייט פון די מאַסן קעגן די קאַפּיטאַליסטישע עלעמענטן אין אונדזער לאַנד. מאָבילוזירן די שעפערישע איניציאַטיוו און די זעלבסטטעטיקייט פון די מאַסן קעגן דעם ביוראָקראַטיזם פון אונדזערע אַנשטאַלטן און אָרגאַניזאַציעס... אָרגאַניזירן דעם געווער און דעם אַרבעט־אויפשטייג פון די מאַסן פאַר אויפהייבן די אַרבעטס־פּראָדוקטיווקייט, פאַר פאַנאַנדערוויקלען די סאָציאַליסטישע בויונג.

דער טאָך פון באָלשעוויסטישן אָנגריף באַשטייט, צווייטנס, אין אָרגאַניזירן די איבערבויונג פון דער גאַנצער פּראַקטישער אַרבעט פון די פּראָפאַריינישע קאָאָפּעראַטיווע, סאָוועטישע און אַלערליי אַנדערע מאַסאָווע אָרגאַניזאַציעס, אין העסקעם מיט די באַדערפענישן פון רעקאָנסטרוקטיוון פּעריאָד; שאַפן אין זיי אַ קערן פון די סאַמע אַקטיווע און רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער, אָפּשטויסנדיק און איזאָלירנדיק די אָפּאָרטוניסטישע טרעד־יוניאָניסטישע, ביוראָקראַטישע עלעמענטן; אַרויסשטויסן פון זיי די פרעמדע און איבערגעבוירענע עלעמענטן און אַרויסרוקן נייע שיכטן פון אונטן" (סטאַלין. אין זיין באַריכט).

איינע פון די וויכטיקסטע און בולטסטע אויסדרוקן פון דער אויפגעוואַקסענער מאַסן־אַקטיווקייט איז אָן שום ספק דער סאָצפאַרמעסט און די שלאָג־בריגאַדעס. דאָס שאַפט אַ נייע באַוווסטזיניקע און פרייוויליקע סאָציאַליסטישע אַרבעטס־דיסציפּלין אַנשטאָט דער אַלטער קאַפּיטאַליסטישער צוואַנגס־דיסציפּלין. און צוזאַמענהאַנג מיט די גרויסע טעמפּן פון אונדזער בויונג איז געוואָרן אַקטועל די פראַגע וועגן אַקטיוון אָנטייל פון די ברייטסטע מאַסן אין דער אויסאַרבעטונג פון די פּראָמפינפּלענער. עס איז ביז גאָר אויסגעוואַקסן די באַדייטונג פון די פּראָדוצירבאַראַטונגען, מיט איין וואָרט — די אַקטיווע און אָנפירנדיקע ראָליע פון דער אַרבעטערשאַפט אין אונדזער ווירטשאַפט.

אָבער די אַלטע אָפּאָרטוניסטישע אָנפירונג פון אונדזערע פּראָפאַריינען האָט געשטערט דעם איבערבוי פון דעם גאַנצן פּראָפאַריינישן אַפּאַראַט און האָט זיך געלייגט ווי אַ שטיין אין וועג צו דער נייער כוואַליע פון אַקטיווקייט מצד די ברייטע אַרבעטער־מאַסן.

„די עלעמענטן פון אָפּאָרטוניסטישער און ביוראָקראַטישער איבערגעלעבטס פונעם פּראָפאַפּאַראַט האָבן אַרויסגערופן די נויטווענדיקייט צו אויפשטעלן מיט דער גאַנצער שאַרפקייט די פראַגע וועגן רייניקן דעם פּראָפאַפּאַראַט. וועגן אַ גרונטלעכער אויסבעסערונג פונעם אַפּאַראַט, צופּאַסן אים פאַר די וויכטיקסטע אויפגאַבן פונעם אַרבעטער־קלאַס (ב' שוועדניקס טעזיסן צום 16־טן פּאַרטיי־צוזאַמענפאָר).

אָבער דורכפירנדיק דעם איבערבוי פונעם פּראָפאַפּאַראַט, האָט זיך די פּאַרטיי אָנגעשטויסן אויפן ווידערשטאַנד פון דער אַלטער אָנפירונג מיט די פּראָפאַריינען, וואָס איז געווען דורכגעדרונגען מיט אָפּאָרטוניסטישע טרייד־יוניאָניסטישע שטימונגען.

דער צ.ק. האָט דעריבער געביטן די אָנפירונג פון די פּראָפאַריינען און אַרויסגערוקט דעם גרונט־לאָזונג פאַרן איבערבוי פון די פּראָפאַריינען „מיטן פּנים צו דער פּראָדוקציע".

די אויפגאַבן פון די פּראָפאַריינען זיינען פון גאָר אַ גרויסן פאַרנעם אינעם איצטיקן פּעריאָד. די פאַרברייטערטע באַזע פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור אין דער לאַנדווירטשאַפט, דער אַקטיווער אָנטייל פון די אַרבעטער בא דער אָרגאַניזירונג פון די קאָלווירטן, די ברענענדיקע פראַגעס פון איבערבויען און צופּאַסן דעם אַפּאַראַט פון אונדזערע קאָאָפּעראַציעס צו די באַוואָרנונגס־באַדערפענישן פון דער אַרבעטער־מאַסע, די וואַקסנדיקע קולטורעלע באַדערפענישן פון די מאַסן — דאָס אַלץ זיינען שלאָג־אויפגאַבעס פון די פּראָפאַריינען אינעם איצטיקן רעקאָנסטרוקטיוון פּעריאָד.

דער 16־טער פארטײ־צוזאמענפאָר האָט דעריבער אנטשײדן געשטעלט פאר די פראָפפאראײנען די אױפגאבע צו מאָביליזירן די ארבעטער־מאסע אױף די פאבריקן און די ארבעטער, װאָס זײנען פארבונדן מיטן דאָרף, און האָט באװיליקט די אלע מאָסנמיטלען פון צ.ק. אַף איבערצובױען דעם אפאראט פון די פראָפפאראײנען און די אָרגאניזיר־פאָרמען פון דער מאסן־ארבעט־ביכלאל.

## אַנטשײדענער קאַמף קעגן די אָפּנײגן אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע.

אין זײַן פּאָליטישן באַריכט אױפן צוזאַמענפאָר האָט דער כ' סטאַלין אַזױ געזאָגט:

„... דאָס בילד פונעם קאַמף מיט די אָפּנײגן אין דער פאַרטײ, װעט זײַן ניט קײן פולע, אױב מיר װעלן ניט באַרירן די פאַראַנענע אָפּנײגן אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע. איך האָב דאָ אין זינען ערשטנס, דעם אָפּנײג צום גרױסראַסישן שאָװיניזם און צװײטנס, דעם אָפּנײג צום אָרטיקן נאַציאָנאַליזם. די דאָזיקע אָפּנײגן זײַנען ניט אַזױ קאָנטיק און אָנגרײַפנדיק, װי דער „לינקער", אָדער דער רעכטער אָפּנײג. זײ װאָלט מען געקענט אָנרופן פױזעדיקע אָפּנײגן, נאָר דאָס באַטײַט נאָך ניט, אַז זײ עקזיסטירן ניט. נײן, זײ עקזיסטירן און דער עיקער — װאַקסן, אין דעם קען קײן שום סאָפעק ניט זײַן, קײן שום סאָפעק ניט, װײַל די אַלגעמײנע אַטמאָספער פון פאַרשאַרפטן קלאַסן־קאַמף קען ניט, ניט פירן צו געװיסע פאַרשאַרפונגען פון נאַציאָנאַלע רײַבונגען, װעלכע װערן אָפּגעשפּיגלט אין דער פאַרטײ, דעריבער װאָלט נײטיק געװען אױפדעקן און אַרױספירן אַף גאָטס װעלט דעם פאַרצױף פון די דאָזיקע אָפּנײגן".

דער כ' סטאַלין האָט געגעבן דעם אַנאַליז פון דאָזיקן אָפּנײג, זיך אָפּשטעלנדיק באַזונדערס גענױ װעגן דעם גרױסמעכטלעכישן שאָװיניזם:

„און װאָס באַשטײט דער איקער פונעם גרױסראַסישן שאָװיניזם אין אונדזערע איצטיקע באַדינגונגען?

דער עצם פונעם אָפּנײג צום גרױסראַסישן שאָװיניזם באַשטײט אין דער שטרעבונג פאַרבײַגײן די נאַציאָנאַלע אונטערשײדן פון דער שפּראַך, קולטור, שטײגער; אין דער שטרעבונג צוגרײטן די ליקװידאַציע פון די נאַציאָנאַלע רעספּובליקן און געגנטן; אין דער שטרעבונג אונטערצוגראָבן דעם פּרינציפּ פון נאַציאָנאַלער גלײַכבאַרעכטיקונג און אַנטקרױנען די פּאָליטיק פון דער פאַרטײ אין נאַציאָנאַליזירן דעם אַפּאַראַט, אין נאַציאָנאַליזירן די פּרעסע, שול און אַנדערע מעלוכישע און געזעלשאַפטלעכע אָרגאַניזאַציעס".

דערקלערנדיק, אַז די גרױסמעכטלעכישע שאָװיניסטן װילן זיך צודעקן מיט „אינטערנאַציאָנאַליסטישע" פראַזן, מיט „טעאָריעס" װעגן דעם, אַז מ'איז ניט נײטיק אַנטװיקלען די נאַצ. קולטורן, האָט דער כ' סטאַלין, אױפקלערנדיק לענינס שטאַנדפּונקט אין דער־דאָזיקער פראַגע:

„צי איז ניט קלאָר, אַז לענין איז געשטאַנען אינגאַנצן און פולקאָם פאַר דעם לאָזונג צו אַנטװיקלען די נאַציאָנאַלע קולטורן אין די באַדינגונגען פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור?

צי איז ניט קלאָר, אַז אָפּלײקענען דעם לאָזונג פון נאַציאָנאַלער קולטור אין די באַדינגונגען פון פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור הײסט אָפּלײקענען די נײטיקײט פון קולטורעלן אױפשװונג פון די ניט־גרױסראַסישע פעלקער אין פסס"ר, אָפּלײקענען די נײטיקײט פון אַלגעמײנער אָבליגאַטאָרישער בילדונג פאַר די דאָזיקע פעלקער, אָפּגעבן די דאָזיקע פעלקער אַף גײַסטיקער קנעכטשאַפט פון די רעאַקציאָנערע נאַציאָנאַליסטן?

לעני̇ן האָט ווירקלעך קוואַליפיצירט דעם לאָזונג פון דער נאַציאָנאַלער קולטור בײַ דער הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע, ווי אַ רעאַקציאָנערן לאָזונג. אָבער צי רען האָט געקענט זײַן אַנדערש? וואָס איז געווען נאַציאָנאַלע קולטור בײַ דער הערשאַפט פון דער נאַציאָנאַלער בורזשואַזיע? אַ קולטור אַ בורזשואַזע לויט דעם אינהאַלט און אַ נאַציאָנאַלע לויט דער פאָרם, וואָס האָט פאַר אַ ציל צו פאַרסאַמען די מאַסן מיטן סאַם פון נאַציאָנאַליזם און פאַרפעסטיקן די הערשאַפט פון דער בורזשואַזיע. וואָס איז אַצינד נאַציאָנאַלע קולטור בײַ דער דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט? אַ קולטור אַ סאָציאַליסטישע לויטן אינהאַלט און אַ נאַציאָנאַלע לויט דער פאָרם, וואָס האָט פאַר אַ ציל צו דערציִען די מאַסן אין גײַסט פון אינטערנאַציאָנאַליזם און פאַרפעסטיקן די דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט".

צי איז אויף דעם אײַצטיקן עטאַפּ מעגלעך די אויפבליִונג פון די נאַציאָנאַלע קולטורן?

„די, וואָס קערן זיך אָפּ אויף דער זײַט פון גרויסרוסישן שאָוויניזם, האָבן אַ טיפן טעות, מיינענדיק, אַז דער פעריאָד פון דער סאָציאַליסטישער בויונג אין פסס"ר איז אַ פעריאָד פון פאַנאַנדערפאַל און ליקווידאַציע פון די נאַציאָנאַלע קולטורן. די זאַך באַשטייט פונקט פאַרקערט. אין דער עמעסן איז דער פעריאָד פון דיקטאַטור פון פּראָלעטאַריאַט און סאָציאַליסטישער בויונג אין פ.ס.ס.ר. אַ פעריאָד פון אויפבלי פון די נאַציאָנאַלע קולטורן, סאָציאַליסטישע לויטן אינהאַלט און נאַציאָנאַלע לויט דער פאָרם. קענטיק, אַז זיי פאַרשטייען ניט, אַז די אַנטוויקלונג פון די נאַציאָנאַלע קולטורן דאַרף זיך פאַנאַנדערוויקלען מיט אַ נײַער קראַפט בײַם אײַנפירן און אײַנוואָרצלען די אַלגעמיינע אָבליגאַטאָרישע אָנפאַנג-לימודים אויף דער מוטער-שפּראַך. זיי פאַרשטייען ניט, אַז בלויז בײַם באַדינג פון אַנטוויקלען די נאַציאָנאַלע קולטורן וועט מען קענען באַטײַליקן אין דער עמעסן די אָפּגעשטאַנענע נאַציאָנאַליטעטן צו דער סאָציאַליסטישער בויונג. זיי פאַרשטייען ניט, אַז דאַווקע אין דעם ליגט דער גרונט פון דער לעניניסטישער פּאָליטיק צו העלפן און אונטערשטיצן די אַנטוויקלונג פון די נאַציאָנאַלע קולטורן פון די פעלקער אין פ.ס.ס.ר.".

דער כ׳ סטאַלין גיט דעם אַנאַליז פון דעם טאָך פון די אָפּנייגן אין דער נאַציאָנאַלער פראַגע:

און וואָס באַשטייט דער טאָך פון אָפּנייג צום אָרטיקן נאַציאָנאַליזם?

„דער טאָך פון אָפּנייג צום אָרטיקן נאַציאָנאַליזם באַשטייט אין דער שטרעבונג אָפּצוזונדערן זיך און אײַנשליסן זיך אין די ראַמען פון דער אייגענער נאַציאָנאַלער שאָלעכץ, אין דער שטרעבונג צו פאַרווישן די קלאַסן-סתירות אין דער אייגענער נאַציע, אין דער שטרעבונג צו פאַרטיידיקן זיך פון דעם גרויסרוסישן שאָוויניזם, דורך אָוועקגיין פון דעם אַלגעמיינעם שטראָם פון דער סאָציאַליסטישער בויונג, אין דער שטרעבונג ניט צו זען דאָס, וואָס דערנענטערט און פאַראייניקט די אַרבעטנדיקע מאַסן פון די נאַציאָנאַליטעטן אין פ.ס.ס.ר., נאָר זען דאָס, וואָס קען זיי אָפּגרענעצן איינע פון די אַנדערע.

דער אָפּנייג צום אָרטיקן נאַציאָנאַליזם שפּיגלט אָפּ די אומצופרידנקייט פון די אָפּלעבנדיקע קלאַסן צווישן די פריער אונטערדריקטע נאַציעס מיט דעם רעזשים פון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור, מיט זייער שטרעבונג אָפּצוזונדערן זיך אין זייער נאַציאָנאַלער מעלוכע און אײַנשטעלן דאָרט זייער קלאַסן-הערשאַפט".

די געפאַר פון דעמדאָזיקן אָפּנייג באַשטייט אין דעם, וואָס ער קולטיווירט דעם בורזשואַזן נאַציאָנאַליזם, שוואַכט אָפּ די איינקייט פון די אַרבעטנדיקע פון די פעלקער אין פ.ס.ס.ר. און העלפט די אינטערווענציאָניסטן".

דער XVI צוזאַמענפאָר האָט אין דער רעזאָלוציע איבערן באַריכט פון צ.ק. פאַרשריבן:

„דער צוזאַמענפאָר פאַרצייכנט אין צוזאַמענהאַנג מיט דער פאַרשאַרפונג פונעם קלאַסן־קאַמף אין לאַנד די אַקטיוויזירונג פון די נאַציאָנאַלע אָפּנייגן אין די פאַרטיי־רייען, אין דער ריכטונג פון גרויסמעלוכישן און אָרטיקן שאָוויניזם.

די הויפּט־געפאַר אויפן געגעבענעם עטאַפּ שטעלט מיט זיך פאָר דער גרויס־מעלוכישער אָפּנויג, וואָס פּרוווט רעווידירן די יסודות פון דער לענינישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק און אונטער דער פאָן פון אינטערנאַציאָנאַליזם, וואָס פאַרדעקט די שטרעבונגען פון די אָפּלעבנדיקע קלאַסן פון דער גרויסרוסישער נאַציע, וואָס האָט פריער געהערשט, אומקערן זיך די פאַרלוירענע פּריווילעגיעס.

צוגלייך דערמיט וועקט אַקטיוויזירט דער אָפּנויג צום אָרטיקן נאַציאָנאַליזם, וואָס שוואַכט אָפּ די אייניקייט פון די פעלקער אין פ.ס.ס.ר. און וואָס דינט דער אינטערווענץ.

די פאַרטיי דאַרף פאַרשטאַרקן דעם קאַמף קעגן די ביידע אָפּנויגן אין דער נאַציאָנאַ־לער פראַגע און קעגן דער טאָלעראַנטער באַציונג צו זיי און פאַרשטאַרקן גלייכצייטיק די אויפמערקזאַמקייט צו דער פּראַקטישער דורכפירונג פון דער לענינישער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק, צום אויסלעבן די עלעמענטן פון נאַציאָנאַלער אומגלייכקייט און צו דער ברייטער אַנטוויקלונג פון די נאַציאָנאַלע קולטורן פון די פעלקער אין סאָוועטנפאַרבאַנד".

## דער קאַמף אַף צוויי פראָנטן.

די אַלע גרויסע דערגרייכונגען, וואָס מיר האָבן געהאַט פאַר די צוויי מיט אַ האַלבן יאָר פונעם 15-טן ביזן 16-טן פאַרטיי־צוזאַמענפאָר זיינען אַ רעזולטאַט פון דער ריכטיקער ליניע, וואָס די פאַרטיי האָט דורכגעפירט.

די ריכטיקייט פון דער פאַרטיי־ליניע איז געווען אַזוי באַשייַמפערלעך, איז באַ־שטעטיקט געוואָרן דורך די אַנצאָליקע פאַקטן פונעם גרויסן איבערבראָך, אַז אַפילע די אָנפירער פון רעכטן אָפּאָרטוניזם זיינען געצוווּנגען געווען מודה זיין זיך אין זייער טעות און אָנערקענען די ריכטיקייט פון דער פאַרטיי־ליניע.

אָבער די לידערס פון רעכטן אָפּאָרטוניזם האָבן זיך אַרויסגעזאָגט מיט אַ האַלבן מויל. פאַר די 7 באַראָשים, וואָס זיינען פאַרטאָגנעזונט דעם נאָיאַבער־פּלענום פון צ.ק., האָבן זיי נאַרישט געטאָן, קעדיי צו דערלויזן זייער אַפריכטיקייט און זייער עמעסן ווילן צו גיין מיט דער גענעראַלער פאַרטיי־ליניע. רוקאָווס אַרויסטרעטונג אויף דער אוראַלער קאָנפּע־רענץ און טאָמסקים אויף דער טראַנסקאַווקאַזער קאָנפּער., האָבן באַוויזן, אַז די רעכטע לי־דערס ווילן פאַרשמירן דעם פּרינציפּיעלן אונטערשייד צווישן זייער אָפּאָרטוניסטישער ליניע און דער ליניע פון דער פאַרטיי. ערשט אונטערן דרוק פון 16-טן פאַרטיי־צוזאַמענ־פאָר זיינען זיי געצוווּנגען געווען שאַרפער אַרויסזאָגן זיך און קלאָרער אונטערשרייבן זייערע פעלערן. אָבער אויך זייערע אַרויסטרעטונגען אויפן פאַרטיי־צוזאַמענפאָר זיינען ניט געווען גענוג שאַרפע און קלאָרע און זיי האָבן דעם פאַרטיי־צוזאַמענפאָר ניט באַפרידיקט. אָבער אויפן 16-טן צוזאַמענפאָר איז מיט אַ באַזונדערער בולטקייט קלאָר געוואָרן, אַז די אָנגעהעריקייט צום רעכטן אָפּאָרטוניזם פאַרט זיך ניט מיט דער אָנגעהעריקייט צו דער פאַרטיי. דער 16-טער פאַרטיי־צוזאַמענפאָר האָט אין זיינע רעזאָלוציעס שאַרף און אַנטשיידן באַטאָנט, אַז דער וועג צו ווייטערדיקע דערגרייכונגען איז קוידעם־כאָל דורך אַן אַנטשיידענעם קאַמף אַף צוויי פראָנטן, דורך אַ קאַמף קעגן דעם רעכטן אָפּאָרטוניזם, וואָס איז אינעם איצטיקן מאָמענט די הויפּט־געפאַר, און קעגן די „לינקע" קנייטשן און רעשטן פון קאָנטררעוואָלוציאָנערן טראָצקיזם. איצט, אין מאָמענט פון ליקווידירן דעם באַלעבאַטישן קלאַס, אין מאָמענט פון פאַרשאַרפטן קלאַסנקאַמף שטעלט מיט זיך פאָר דער רעכטער

אָפּאָרטוניזם די אַגענטור פֿון די באַלעבאַטישע עלעמענטן אין אונדזערע רייען. אַט פֿאַרוואָס דער הויפּט-פֿייער דאַרף אין דעם איצטיקן מאָמענט געווענדעט ווערן קעגן דעם רעכטן אָפּאָרטוניזם.

דער 16-טער פּאַרטיי-צוזאַמענפֿאָר האָט זיך אויסגעצייכנט מיט זײַן געשלאָסנקייט און איינהייטלעכקייט. עס האָט זיך ניט געפֿונען ניט נאָר קיין איין גרופּע, נאָר אַפֿילו קיין איין מענטש, וואָס זאָל אַרויסטרעטן קעגן דער פּאַרטיי-ליניע.

# מיר דיסקוסירן ליטעראַרישע שעפֿערישע פּראָבלעמען.

י. בראָנשטיין.

## קעגן דער ליימענער פּיפּקע, קעגן קראָן-קריגעלעך!

### (וועגן אָרלאַנדס „הרעבליעס").

„ווזש... ווזש... האָט די בלאָטע געשיפּעט, ווען מע האָט אהין פֿון די קאַסטנס דעם האָלץ-אָפּפֿאַל געשאָטן. אין א פּאָר טעג ארום איז די בלאָטע ביז איבערן האַלדז אָנגעשטאָפּט געוואָרן מיטן דאָזיקן אָפּפֿאַל, און מענטשלעכע פֿיס האָבן שוין געקאָנט שטיין דאָרטן און אײַנטרעטן דעם נײַ-אויסגעוואָקסענעם באָדן אין דער ברייט פֿון העכער א קלאַפֿטער.

— א, אז — האָבן די וואַלד-העקער געשריען, זאַפּטיק און הויך-גאָרנדיק זיך געזידלט, — געקומען דײַן סאָף, פֿאַרשטונקענע לאָקן! איצט וועסטו שוין ניט זינקע-ע-ען!"

(א. קאַראַוואַיעווא — „געהילץ-זאַוואָד").

„און אמאָל, אנדראָן, באנאכט, וועלן מיר פֿאָרן און ניט אומיסטן איבערקערן א וואָגן קוילן אין קאַנאַל, — זאָל ער זיך פֿאַרהאַטען. איבערן קאַנאַל זײַנען אומגעקומען אלע קראָן-קריגעלעך"...

(ה. אָרלאַנד — „הרעבליעס").

1

אָרלאַנדס „הרעבליעס" זײַנען מיט באַפֿרידיקנג פֿאַרצייכנט געוואָרן אין אונדזער ליטעראַטור-קריטיק (אגבֿ, אויך דורכן שרײַבער פֿון די דאָזיקע שורות) נאָך מיט עטלעכע יאָר צוריק, ווען אין דער „רויטער וועלט" זײַנען אָפּגעדרוקט געוואָרן די ערשטע קאַפּיטלען דערפֿון. שוין דעמאָלט איז געווען קלאָר, אַז אַפֿן פֿאָן פֿון אונדזער דעמל-טיקער נאָך אָרעמער און ניט זעלטן סכעמאַטיש-שטײַנערלאָזער פּראָזע איז אָרלאַנד אויפֿגעקומען, ווי א פֿאַרביקער האַפּטיקער פֿלעק.

איצט, ווען אָרלאַנדס בוך ליגט שוין פֿאַר אונדז א פֿאַרענדיקטער, — ווערט נאָך מער קלאָר, אַז מיר האָבן דאָ צו טאָן מיט א ווערק פֿון א באַדײַטנדיקער קינסטלערישער אויסדרוקלעכקייט.

אין אונדזער קאַמף פֿאַר הויכער ליטעראַרישער קוואַליטעט, פֿאַר קינסטלערישער אויסדרוקלעכקייט, פֿאַר קוואַליפֿיצירטער ליטעראַטור-טעכניק, וועט אָט דער דאָזיקער ווערק אָן שום ספֿק זײַן א וויכטיקער מערקצייכן אויפֿן וועג צו ווײַטערדיקע קינסטלערישע זיגעס.

אָבער די פּראָבלעם פֿון ליטעראַרישער טעכניק האָט קיינמאָל ניט אָפּגעשעפּט די פּראָבלעם פֿון סטיל-קאַמף. פֿאַרקערט, פֿאַר דער קעמפֿערישער מאַרקסיסטישער ליטעראַטור-קריטיק איז שטענדיק געווען קלאָר, אַז די פּראָבלעם פֿון ליטעראַרישער טעכניק, פֿון קינסטלערישער אויסדרוקלעכקייט איז ענג פֿאַרבונדן מיט דער פּראָבלעם פֿון סטיל, איז אונטערגעוואָרפֿן דעם קלאַסן-סטיל-קאַמף.

טאַקע די געשיכטע פֿון אָט דעם סטילן־קאַמף, וואָס איז די אַקס, אַף וועלכער עס דרייט זיך די געשיכטע פֿון יעדער ליטעראַטור, ברענגט אונדז אַמאָליקע אילוזי־סטראַציעס פֿאַר אָט דער האַנאָכע. צי דען איז ניט באַשטעטיקט געוואָרן דורך דער געשיכטע פֿון סטילן־קאַמף, אַז צו ליטעראַריש־טעכנישער קוואַליפֿיקאַציע, צו הויכער קינסטלערישער אויסדרוקלעכקייט קומען זייער זעלטן גראָד... יונגע, אָנגרײַפֿערישע סטילן, וואָס געפֿינען זיך דערווײַל נאָך, אַזוי צו זאָגן, „אין גאַנג". פֿאַרקערט. פֿולשטענדיק אויסגעפֿאָרמירטע סטילן, סטילן, וואָס גייען זיך שוין צום אונטערגאַנג (ווי עס נייגן זיך צום אומקום זייערע קלאַסן־טרעגער), וויקלען פֿאַנאַנדער נאָך גרויסע טעכנישע מעגלעכקייטן און נאָך אַ הויכע קינסטלערישע אויסדרוקלעכקייט. יונגע אָנגרײַפֿערישע סטילן, ווי זייערע סאָציאַלע טרעגער—די יונגע אָנגרײַפֿערישע קלאַסן—זײַנען געוויינלעך אין אַ הויכער מאָס נאָך „געלאַטעטע" סטילן. זייערע „רעוואָליוציע־הוצאָעס" זײַנען נאָך באַדײַטנדיקע, און די אָרעמע, היפּש צערונדטע טעכניק זייערע ווערט קאָמפּענסירט מער מיט ברויזיקן קלאַסן־פּאַטאָס, איידער מיט שרײַבערישער געשיקטקייט. פֿאַרקערט, סטילן, וואָס לעבן שוין אָפּ זייער לעצט ביסל יאָרן, סטילן רעאַקציאָנערע אַנטוויקלען ניט זעלטן אַ פֿיבערהאַפֿטע טעטיקייט אַפֿן געביט פֿון ליטעראַרישער טעכניק, וועלכע איז, אין איר איבערגעטריבענער ראַפֿינירטקייט, ניט זעלטן באַרופֿן צו פֿאַרהיטן דעם אידעיִשן דאַלעס פֿון אַ קלאַס, וואָס גויסעסט. ג. ו. פּלעכאַנאָוו האָט נאָך בולעט אָנגעוויזן אַפֿילע אַף די ספּעציפֿישע קאָנקרעטן־באַדינגונגען, אין וועלכע אָט דער דאָגע צו טעכנישער פֿולקומענהייט באַקומט זײַן אויסדרוק אין אַלע יעדוידע־ליטעראַטורן*). נאָר אויב אַזוי, איז דאָך גאַנץ קלאָר, אַז ניט דער קריטעריִ פֿון ליטעראַריש־טעכנישער פֿאָלקאָמקייט איז דער קריטעריִ פֿון היסטאָרישער פּראָגרעסיווקייט פֿון רעוואָלוציאָנערקייט, מיט וועלכער מיר מעסטן סטילן.

זען סטיל־צעפֿוילונג אינעם אויפֿבליו פֿון ליטעראַרישער טעכניק און שרײַבערישער געשיקטקייט, און, פֿאַרקערט, פֿאַרנעמען די „מוזיק פֿון דער צוקונפֿט" אין די ערשטע, טעכניש שוואַכע, קוים אויסדריקלעכע טריט פֿון אַ נײַער, אַ שעפֿעריש־רעוואָלוציאָנערער סטיל־סיסטעם—אָט אין דעם באַשטייט דער סאָד פֿון סטילן־דיאַלעקטיק.

אין טאַקע דערפֿאַר זײַנען נאַיִווע און מעטאַפֿיזיש אַלע הויכפֿליִעדיק־אַבסטראַקטע מעליצעס וועגן קינסטלערישקייט ביכלאַל, שרײַבערישער טעכניק ביכלאַל, קינסטלערישע מיטלען ביכלאַל, מיר מוזן קוידעם־כאָל קלאָר מאַכן, מיט אַ וועלכער קלאַסאָווער סטיל־סיסטעם מיר האָבן צו טאָן און אַ וועלכער איז דער היסטאָרישער געוויכט איר בײַ דער איצטיקער, קאָנקרעטער ליטעראַטור־סיטואַציע. קומען מיר צו צום קאָנקרעטן אַנאַליז פֿון אָט דער „טעכניק", „קינסטלערישקייט" א.א.וו. ווערט פֿאַר אונדז קלאָר, אַז אין פֿאַרשיידענע סטיל־סיסטעמען באַקומט איין און דיזעלבע, דאַכט זיך, „קינסטלערישקייט", איין און דיזעלבער, דוכט זיך, קינסטמיטל נאָר אַ באַזונדערע באַדײַטונג.

*) „דערזעלבער מאָקלער אַנערקענט אָבער, אַז בײַ די פֿראַנצויזישע אימפּרעסיאָניסטן דערגרייכט ניט דער אידעיִשער אינטערעס צו יענער הויך, צו וועלכער עס דערגרייכט דער טעכנישער אינטערעס. מאָקלער רעכנט עס צו צו די כעסרוינעס פֿונעם אימפּרעסיאָניזם. איך געפֿין, אַז ער דריקט זיך אויס צו ווייך. די אידייענלאָזיקייט פֿונעם אימפּרעסיאָניזם שטעלט מיט זיך פֿאָר יענע אורזאַך, אַדאַנק וועלכער ער גרענעצט אַזוי נאָענט מיט קאַריקאַטור..." (פּלעכאַנאָוו ב. 14, ז. ז. 79 803 קורסיוו—אומעטום פּלעכאַנאָווס).

ווי וויכטיק איז אַט דידאָזיקע דאַגאָבע, באַזונדערס פאַר אונדזער יונגער ייִדישער פּראָלעטאַרישער ליטעראַטור, ווו די פּראָבלעמס פון יאַרשענען ליטעראַריש־טעכנישע פאַרפּילקאָמטקייט שפּילט אַזאַ באַדייטנדיקע ראָל!

נאָר באַזונדערס מיט אַט דער דיאַלעקטישער דאַגאָבע, איז מעגלעך זיך אָפּצוהיטן פון ביידע עקסטרעמען, וואָס לויערן דערביי אויף דער ליטעראַטור: פון אַבסטראַקטער הוספּילעם פאַר קינסטלערישער אויסדריקלעכקייט *בכלל* און פון פּראָלעטנאַיווערדיקער ביטלבאַציונג צו פראַגן פון ליטעראַריש־טעכנישער געשיקטקייט („ריידעלע יאַך ריידעלע, אַבי דאָברע מײַנעלע“).

אַט רעדט מען און שרײַבט מען אָן אַ שיר וועגן אָרלאַנדס פּעטעמס גלענצנדיקע פּיזאַזשן פון „הרעבליעס“, וועגן דעם זאַפטיקן פאָלקלאָר־עלעמענט אין זײַן בוך. וועגן דער קינסטלערישער דעטאַל, מיט וועלכער אָרלאַנד אָפּערירט בעטעמס אויסגעצייכנט, וועגן זײַן לעקסישער פאַרביקייט און א. וו., — מע רעדט און מע שרײַבט מליצהדיק־הימפּילעסדיק און מליצהדיק־אַבסטראַקט, פאַרגעסנדיק אין „קליינקייט“ — יענע קלאַסאָווע *סטיל־סיסטעם*, אויף וועלכער עס נייט אויף, ווי אויף היזון, אַט די אָרלאַנדס קינסטלערישע אויסדריקלעכקייט — אַט דער פּיזאַזש, אַט די פאָלקלאָר־מיטסעדיקייט און די לעקסישע פילפאַרביקייט און א. וו.

איז קינסטלערישע שפּיל מיט פּיזאַזש א היסטאָריש־פּראָגרעסיווע דערשיינונג *בכלל, אומעטום און שטענדיק*?

איז דער פאָלקלאָריסטישער אָרנאַמענט, דער עקזאָטיש־מיטסעדיקער נוסעך *פאַר אַלע צײַטן און פאַר אַלע קלאַסן* אַ קינסטלערישע דערגרייכונג?

צי קאָן מען רײַדן וועגן לעקסישער פאַרביקייט בכלל, ניט אונטערשטרײַכנדיק די קלאַסאָווע סטיל־פונקציע, וואָס אַט די לעקסישע פאַרביקייט טראָגט?

לאָמיר זיך דערמאָנען, ווי די מאַרקסיסטישע קונסט־קענטעניש האָט שוין ניט איינמאָל געגעבן גלענצנדיקע געשיכטלעכע אילוסטראַציעס פון דער טראַנספאָרמאַציע, וואָס דער פּיזאַזש־מאָטיוו, למשל, מאַכט דורך אין פאַרשיידענע צײַטן און בײַ פאַרשיידענע קלאַסן. אַלע אַבסטראַקטע, אַלגעמיינע מליצות, וואָס רײַדן וועגן דעם, אַז אַן „עכטער“ קינסטלער איז מעכייעוו „צונויפגיסן מענטש מיט נאַטור“, בלײַבן מערניט, ווי אומבאַוווּסטלעכע, ניט געשיכטלעכע, מעטאַפיזישע קאַטעגאָריעס. פּלעכאַנאָוו, למשל, האָט אין זײַן אַרטיקל „טאָלסטוי און די נאַטור“ (באַנד 24 ז. 250) ניט צווייטײַטיק גערעדט וועגן *היסטאָרישן* און *קלאַסאָווען* כאַראַקטער פון אַט דער „אײַנהייט מיט דער נאַטור“.

איז טאַקע דעריבער אוממעגלעך אָנצושרײַבן אַפילע איין ריכטיקע שורה וועגן דער ראָל פון פּיזאַזש־מאָטיוו אין דעם אָדער יענעם ווערק, אויב עס ווערט ניט אָפּגעדעקט לעבאַטבלע דער היסטאָרישער און קלאַסן־כאַראַקטער פון אַט דעם פּיזאַזש־מאָטיוו.

דאָסזעלבע דאַרף מען זאָגן וועגן דער טראַדיציע פון פאָלקלאָריזם, וועגן „האָבנירישן“ נוסעך, מיטסעדיקייט א. א. וו.

אַלע אַבסטראַקטע, אַלגעמיינע מליצות וועגן „פאָלק־האַפטיקייט“ און „לאָקאַלן קאָלאָריט“ אַלס „אייביקע“ נאָרמען פון קינסטלערישקייט זײַנען, ווידעראַמאָל, מער ניט, ווי אומבאַוווּסטלעכע, ניטגעשיכטלעכע, מעטאַפיזישע קאַטעגאָריעס.

ניט אונעם „לאָקאַלן“ קאָלאָריט ניט דאָ, ניט אין דער געאָגראַפיע!

די *קלאַסאָווע וועלטאַנשויונג* און ניט די פיזישע געאָגראַפיע שטויסט דעם קינסטלער צום פאָלקלאָריסטישן אָרנאַמענט אָדער, פאַרקערט, מאַכט פון אים אַ שאַרפן קעגנער פונעם לאָקרעץ־זיסן פאָלקלאָר.

פֿאַר אונדזערע אויגן איז דאָך דאָ ניט לאַנג דורכגעגאַנגען אָט דער־דאָזיקער עקזאָטישער פֿאָלקלאָריזם, מיטן זײַן אָנטפּלויזטן קלאַסאָוון (באַלעבאַטישן!) אינגעווייד, אין די קינסטלערישע טעאָריעס פֿון אונדזערע היימישע, אַזוי גערופֿענע „פּויערישע״ (באַלעבאַטישע) פּאָעטן פֿון קלויזעס און אָרעמע שטיט. און צי איז ניט עכט־כאַראַקטעריסטיש דאָס, וואָס אונטערן דרוק פֿון יענע נײַע פּראָצעסן, וואָס אַנדערשן איבער אינגאַנצן דעם פּנים פֿון אונדזער סאָוועטישן דאָרף, האָט אַפֿילו דער טיפּיש־באַלעבאַטישער פּאָעט אָרעמען — איינער פֿון די סאַמע פֿאַרברענטסטע כסידים פֿון אָט דעם פֿאָלקלאָריזם און זאָגערישן געשמאַק — זיך מודה געווען לעצטנס, אַז ער פֿילט די נייטיקייט אָפּצוזאָגן זיך פֿון אָט דעם סטיליזירטן „Язык сивого мерина“?

נאָך אויב אַזוי, איז דאָך קלאָר פֿאַר יעדן איינציקן, אַז אויך אין דער־דאָזיקער פֿראַגע איז קוידעמקאָל נייטיק אויפֿצודעקן יענע קלאַסאָווע סטיל־סיסטעמען, אַף וועלכער עס נייט אויף, לעמאָשל, אָרלאַנדס פֿאָלקלאָריזם, אָרלאַנדס עקזאָטישע גראַמאַטיק, זײַן מיסטעריקײַט א. א. וו.

אויפֿנעמען אַלע באַשטאַנד־טיילן פֿונעם סטיל אין זייער גאַנצקייט, אויפֿדעקן זייער קלאַסן־שטימונגען און שאַרף אָנמערקן די קלאַסן־פֿונקציעס וועלכע אין די איצטיקע קאָנקרעטע באַדינגונגען — אָט דאָס איז די הויפּט־אויפֿגאַבע, וואָס שטייט פֿאַר דער מאַרקסיסטישער קריטיק, ווען זי טרעט צו צו באַטראַכטן אָרלאַנדס בוך „הרעבליעס״.

2

ס׳איז ניטאָ קיין לײַכטערע זאַך, ווי אויסצוגלײַכן דעם סופּער־האַמעטע פֿון „הרעבליעס״, לעמאָשל, און קאָנסטאַטירן: „הרעבליעס״ איז א בוך פֿון סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע.

שטעטלדיקע יידן — קרעמער און גלאַט אָרעמקײַט — גייען איבער צו פּראָדוקטיווער אַרבעט?

יאָ, גייען איבער.

מע בויט א קאַנאַל און מע טריקנט בלאָטעס.

מע בויט א קאַנאַל און מע טריקנט בלאָטעס.

נו, איז וואָס דאַרף מען נאָך?

האָבן מיר פֿאַר זיך א בוך פֿון סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע!..

ווער רעדט נאָך, אויב דערצו גיט מען נאָך צו א באַלעגוף, וועלכער טוט, וואָס א באַלעגוף דאַרף טאָן אין אַזעלכע פֿאַלן, און א קאָמוניסט, וואָס טוט פֿון זײַן זײַט אויך דאָס, וואָס א קאָמוניסט דאַרף טאָן, איז דאָך שוין אַוודאי און אַוודאי קאָשער.

ב׳מיין אָבער אַז ניט אַזוי פּאָשעט ווערט די שפּראַך פֿון קונסט איבערגעזעצט אַף דער שפּראַך פֿון געזעלשאַפֿטלעכע דערשײַנונגען און, קודעם באַקומען דעם געהעריקן „סאָציאָלאָגישן עקוויוואַלענט״, ווי פּלעכאַנאָוו זאָגט, דאַרף מען קענען לייענען די זעלבשטענדיקע נאָר אייגענע שפּראַך פֿון געשטאַלטן, ריטמיק, פֿאַרבן, לעקסיק, קאָמפּאָזיציע, מיט איין וואָרט, יענע ספּעציפֿישע שפּראַך, מיט וועלכער א קונסט־ווערק אונטערשיידט זיך פֿון א וויסנשאַפֿטלעך־פּובליציסטיש ווערק.

אויב די גרונט־אידיי פֿון אָרלאַנדס „הרעבליעס״ איז בעעמעס די סאָציאַליסטישע רעקאָנסטרוקציע, דאַרף אָט די־דאָזיקע אידיי פֿאַרקערפּערט ווערן אינגעם גאַנצן סטיל, אַלס איינהייט פֿון פֿאָרם און אינהאַלט, אין אַלע זײַנע באַשטאַנד־טיילן.

אָבער וואָס איז אַזוינס סאָציאַליסטישע רעקאָנסטרוקציע אין אונדזער טקופע, אין אונדזער לאַנד, אין אונדזערע קאָנקרעטע באַדינגונגען?

ס'איז קיידעמקאָל אַ פאַרביטערטער, ניט בלויז עקאָנאָמישער, נאָר אויך פּאָליטישער (קלאַסאָווער) קאַמף פאַר אַ נייער פּראָדוציר־פאָרם, פאַר נייע קלאַסן־מענטשן, פאַר אַ נייער געזעלשאַפטלעכער אָרדענונג אין אַ לאַנד פון אַן איבערוויגנדיקער מערהייט פון קלייןפּויערישער ווירטשאַפט.

ס'איז אַ קאַמף קעגן דער צעקראָכענער אָבלאָמאָווערײַ פון דער ששרו־ענער, אונטעראַוויונדיקער ראַסיי, מיט אירע צעקראָכענע פּראָדוציר־דיסציפּלינען, מיט איר צעפּאַטלטער ווייכלעכקייט — פאַרן קאָמוניסטישן שלאָגלער־טיפּ, פאַרן מענטש פון טעמפּ;

א קאַמף קעגן דער פאָלק־סטישער מעליצע וועגן דער אײַנהייטלעכער פאָלק־נשאָמע, מיט איר היימישן פאָלקלאָר, מיט איר סטיליזירטער עקזאָטיק — פאַר בילדונג, פאַר פּראָלעטאַרישער קולטור;

א קאַמף קעגן דעם „רויזנקוסט אין די פאַרשיידענע סטעלעבליוטריעס" (מאַיאַקאָווסקי), קעגן דעם „שווים פון דער נאַטור", קעגן די „פּיאַלעסטאָווע וואָלקנדלעך" און ראָמאַנטישע, בלאָטיקע קראָן־קריגעלעך — פאַר באַזיגן די נאַטור, פאַר סאָיע, קענאַף און פעטע באַוויירים;

א קאַמף קעגן דעם עלטערוויידנס מאָכע־טעכניק, קעגן דער ליימענער פּיפּקע, קעגן דעם ייִדנס רודע: — פאַר קאָמבײַנען און טורבינעס;

א קאַמף קעגן עקזאָטישער ליריק מיט ליבע־לעבצעניש צווישן ראָמאַנטישע וואַלד־מיידלעך אין סטעפּעס און קאַרעלן, און סטיליזירטע פּאַראָבקעס, אין יאָגטערדיקע מוזיקעס, — מיט איין וואָרט א קאַמף קעגן אַלע די, וואָס „קוקן מיט ערפורכט אָפן הינטערביילעך פון דער געשיכטע — פאַר אַלע די, וואָס קומען „ענדערן די וועלט"!

אָט דערדאָזיקער סכום אידייען פון אונדזער סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע — צי איז עס פאַרקערפּערט אין אָרלאַנדס „הרעבליעס"?

קעדיי אָט די דאָזיקע פראַגע זאָל באַקומען א באַזונדערס העלע באַלויכטונג, וועל איך אָרלאַנדס „הרעבליעס" שטעלן אויג אויף אויג מיט איינעם א ווערק פון דער יונגער רוסישער פּראָלעטאַרישער פּראָזע, א ווערק, וואָס איז דערשינען מיט עטלעכע יאָר צוריק און איז מערקווירדיק ענלעך אויף אָרלאַנדס „הרעבליעס", ניט בלויז לויט דעם סיזשעטישן סקעלעט, נאָר, אין א באַדײַטנדיקער מאָס, אויך לויט דער געשטאַלטער גאַלעריי.

איך וועל דאָס באַזונדערס גערן טאָן, אַגעוו, אויך דערפאַר, ווײַל... כ' בערמאַן האָט אין זיין אַרטיקל וועגן „הרעבליעס" („ר. וועלט" נומ. 2—1, 1930) אַזוי פּייערלעך דערקלערט: „עס איז אָן צווייפל, אז ווען אַזאַ ווערק וואָלט דערשינען אין רוסיש, אָדער אין אוקראַיניש, וואָלט נאָר קיינעם ניט איינגעפאַלן צו שטעלן אַזאַ פראַגע, ווי ס'איז אויפגעוועקט געוואָרן אין אונדזער קריטיק", — דאָס הייסט, קיינעם וואָלט ניט איינגעפאַלן צו צווייפלען אין אָרלאַנדס פּראָלעטאַרישער קאַשרעס...

אַזאַ ענלעך, נאָר ענלעך ווערק, איז יאָ דערשינען אין רוסיש כ' בערמאַן! דער לייענער מוז זיך שוין מינאַסטאָס אַנשטויסן, אַז איך האָב דאָ אין זינען דעם ראָמאַן פון דער רוסישער פּראָלעטאַרישער שרײַבערקע אננאַ קאַראַוואַיעוואַ — „דער געהילץ־זאַוואָד".

דאָ האָט איר די זעלביקע סיזשעטישן קנופּ, ווי אין אָרלאַנדס „הרעבליעס": אין א ווײַטן פאַרוואָרפענעם העק, צווישן וועלדער און בלאָטעס, אין דער אָפּגעשטאַנענער סביבה פון פּויערים, הייבט זיך אָן א פּיבערדיקע בויונג פון א זאַוואָד. אַזוי ווי אין אָרלאַנדס „הרעבליעס", וויקלט זיך דאָ פאַנאַנדער א קאַמף פאַר באַהעפטן אָט דעם־

ראַוויקן פּאַרטייאָפּגעס דעק צו שטאָטישער, סאָוועטישער קולטור און טעכניק. אזוי ווי אין „הרעבליעס", האָט איר דאָ אָן אינזשענער, וועלכער פאַרקערפּערט אין זיך דעם רעקאָנסטרוקציע-דראַנג, און א וואַלד-מיידל — „א מיד מיט א כאַראַקטער", וועלכע פאַרקערפּערט דאָס העפקערדיקע פּאַרטיזאַנישע, וואַלדישע, וואָס דאַרף איבערגעמאַכט ווערן אין פּראָצעס פון סאָציאַליסטישער רעקאָנסטרוקציע. אזוי ווי אין „הרעבליעס", ווערט אָט דער קאַמף פאַר איבערמאַכן מענטשן און פּראָדוקציע-באַציונגען דורכגעפלאָכטן מיט א ליבע צווישן דעם שטאָטישן אינזשענער און דער וואַלד-מיידל. א גאַנצע ריי ענלעכע ב ע מ אַ ט י ו ו ן אַפּילע, ווי, לעמאָשל, די עפּיזאָדישע צווישן די אַרבעטער, די שטאָטישע פרוי (די אַרלאַנדן-בחור, די קאַראַוואַיעוואָ-יעלענע), וואָס שטייט צווישן דעם אינזשענער און דער וואַלד-מיידל, שטרייכן אונטער אָט דידאָזיקע, ביז גאָר נאָענטע, א ו י ס ע ר ל ע ב נ ע ענלעכקייט צווישן אָט די צוויי ווערק. ס'איז אָבער גענוג געענטער זיך צוקוקן צו די ביידע ווערק, קעדיי זיך איבערצייגן, אז מיר האָבן דאָ צוטאָן מיט צוויי ב א ז ו נ ד ע ר ע ק ל אַ ס ן - א י י נ ש ט ע ל ו נ ג ע ן.

וואָס פאַר א היסטאָרישע אויפגאַבע (קינסטלערישע אויפגאַבע) איז געשטאַנען פאַר דער פּראָלעטאַרישער שרייבערקע אַנאַ קאַראַוואַיעוואַ, ווען זי האָט געוואָלט אין קינסטלערישע געשטאַלטן פאַרקערפּערן דעם צוזאַמענשטויס צווישן צוויי וועלטן — צווישן דעם פ.ס.ס.ר., וועלכער האָט זיך געלאָזן מיט רעוואָלוציאָנערן אומפּעט טעכניש צו דעריאָגן און איבעריאָגן די סאַמע פאָרגעשריטענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער, און דער אַלטער אונטעראיוודיקער, שטרויענעם „רוס", וואָס וויל ניט אָפּגעבן אָן קאַמף איר אָבלאָמאָווערײַ, איר טעכנישע אַמעראַציעס, אירע בלינעס, פּילגערדיקע היפּעס און טאַראַקאַנעס?

קאַראַוואַיעוואַ האָט גאַנץ גוט געוווּסט, וואָס פאַר אן איינגעפונדעוועטע ליטעראַרישע טראַדיציעס פון פאָלקיזם, ווסעקער פּייזאַנטעריי*), מיט איין וואָרט, סאַקע „אידיאַטיזם פון דאָרפישן לעבן", איר וועט אויסקומען אויסוואָרצלען. אין דער רוסישער ליטעראַטור פון פּריצים-באַלעטשוויגניקעס און קליינבירגערלעכע פאָלקיסטישע פּראָזאַיקער זיינען דאָך דידאָזיקע טראַדיציעס אזוי לאַנג קולטיווירט געוואָרן!

די „בריטקייט פון דער רוסישער נעשאָמע" (בלינעס, שקיעס, האַרמאָשקעס און אַמעראַציעס), די „פעסטע יעסוידעס פונעם פאָלק-לעבן" („ערד-קראַפט", פּאַטריאַרכאַלע אידיליע, באַלעגופישע עקספּלואַטאַציע), די „צוזאַמענזיין פון מענטש מיט נאַטור" (בעריאָזע רוסלאַנד, ווייסעבעריאָזעלע, פּיאַלעטעווע וואָלקנדלעך) — אָט דאָס אַלץ, וואָס די הערשנדיקע קלאַסן האָבן אין משך פון דורות אָנגעוואַלגערט אין דער ליטעראַטור, קעדיי אײַנצוהאַלטן דאָס האַרעפּאַשנע לאַנד אין פינצטערניש, און קנעכטשאַפט און אין „אידיאַטיזם פון דאָרפישן לעבן" — דאָס אַלץ איז געקומען אַנאַ קאַראַוואַיעוואַס אָנגרייפן דורך בילד, ריטם, קאָלאָריט.

באַלד פון די ערשטע שורעס, מיט וועלכע עס הויבט זיך אָן דער ראָמאַן „דער געהילץ-זאַוואָד" פילט איר אָט די פאַרשאַרפטע קלאַסאָווע ציל-געווענדטקייט.

דער אינזשענער און דער קאָמוניסט אָגניעוו זיינען נאָר-וואָס אַרויסגעשפּרונגען פון וואַגאָן און לאָזן זיך מיט א פערל פאָרן צו יענעם פאַרוואָרפענעם בלאָטיק-וואַלדישן דעק, וווּ עס דאַרף געבויט ווערן דער געהילץ-זאַוואָד. דער שטאָטישער אינזשענער, ווי געוויינלעך, ווערט באַרוישט פון דער פרישער וואַלדישער לופט.

— סאַראַ לופט דאָ איז, כאַווער אָגניעוו, — האָט דער אינזשענער מיט דער-נאָז א צי געטאָן, — סאַראַ וווּנדערלעכער רייעך.

---

*) זיסלעך־סטיליזירטע פּויערים־בילדער.

— יאָ—אָ, מיט עפּעס וואַלד שמעקט דאָ... און מענטשן ווערן דאָ ניט פאַר־ווילדעוועט. („געהילץ־האַוואַד"—ז. 5*).

דאָ פילט איר שוין פון דער ערשטער שורע אָן אַ נײַע, ניט טוריסטיש־ספּאָרטיוויסטישע, נאָר קאַפּיטאַליסטישע פּראָדוצירער־באַציִונג צו וואַלד, צום „שוים פון דער נאַטור". עס שמעקט טאַקע מיט עפּעס וואַלד, אָבער אויך מיט עפּעסער מענטשישער פאַרווילדעוועטקייט!

אַפילו דער וואַלד־שוימער, וואָס אַל פּי דער אַלטער פּיזאַנט־שליאַכטישער טראַדיציע וואָלט ער באַדאַרפט זיך צעפּיפּן אויף אַ דהערלע, כאַפּנדיק האַספּילעס פון זײַנע „בעריאָזקעס",—אַפילו ער נעמט אויף אָט די וואַלדישע ראַמוועס גאַנץ וואָכעדיק און אוטיליטאַריש:

— די ניב נאָר אַ קוק אויף די בוימער: טאַרע מײַנע טאָסנעס, הײַנט די צעדרעפּ־בוימער... בעריאָזעס... אָבער דאָס אַלץ וואַקסט, וואַקסט, רײַסט זיך צום הימל אָן קײן שום נוצן,—האָט ער קוימאַט ביז אַ זאָג געטאָן". (דאָרטן).

ניט בלויז פאַרן וואַלד־שוימער, נאָר פאַר דעם גאַנצן אָרטיקן פאַרטרעטער וואַלדישן אויילעם איז אָט די „צוגעפּענטשנקייט פון מענטש און נאַטור" אָן אָנשיקעניש: „געקומען דײַן סאָף, פאַרשטונקענע לאָך! איצט ווערסטו דאָ שוין ניט הונקען!"—אָט מיט אַזאַ, ניט נאָר ראָמאַנטישן קאַפּיטאַליסטישן באַגעגענען די וואַלד־העקער די ברייטע וואַלדיש־בלאָטיקע ראַמוועס.

באַזונדערס בולט טרעט אַרויס די דראָזיקע אָפּקאָרטיקע באַציִונג צו דער „שוים פון דער נאַטור" אין דער געשטאַלט פון דער וואַלד־מיידל קסעניע. נאָר אָט די דראָזיקע וואַלד־מיידל—„די מויד מיט אַ כאַראַקטער", וואָס איז אויפגעהאָדעוועט געוואָרן אין אָט דער וואַלדיש־בלאָטיקער ראַמוועס, וואָס קאָן רײַטן אויף אַ פערד און שיסן פון אַ ביקס און ניט אײן מאַנסביל וואָלט זיך געוווּנטשן פאַרמאָגן איר מוסקולאַטור,—נאָר אָט די דראָזיקע עקזאָטישע וואַלד־מיידל רײַסט אויף די עקזאָטיק און די פּיזאַנעריי.

— וואָס איז ניט אַ שאָד דער וואַלד, קסעניאַ איוואַנאָוונאַ?
— פאַרוואָס עפּעס אַ שאָד?
זי האָט פאַרדראָסיק אויפגעהויבן די אַקסלען.
— איך בין דאָך ניט מאַשע, די, וואָס אין דער ליד דאָרטן... זי האָט זיך אין אַזאַ מין טויבן העק, וויינט אים, ניט לאַנג פאַרהאַלטן, פאַר איר איז ער אַ שפּילכל געווען, און איך... דאָס גאַנצע לעבן...
זי האָט אַנטשלאָגן אַ וואָרף געטאָן דעם צאָפּ אויף דער פּלייצע און אַ בליק געטאָן אַרום מיט פאַרטונקלטע אויסמערקזאַמע אויגן.
— וואָל מען אויסהאַקן וואָס מער, אָט ווי ס'איז מיטאַמאָל ליכטיקער געוואָרן. (ז. 13).

פון דער ערשטער שורע אָן ביזן סוף ראָמאַן פילט איר אָט דעם קונסטלערישן טראָפּ אויף „אויסהאַקן" די וואַלדישע אידיליע פון דער „פאַרשטונקענער לאָך".

קאַראַוואַיעווא ניצט אויס גלײַכצײַטיק יעדע מעגלעכקייט, כדי מאַכן אַ סוף צו די אַלטע טראַדיציאָנעלע „פּיאָלעטאַוויע וואָלקנדלעך", וועגן וועלכע דאָסטאָיעווסקי נאָך—דער מײַסטער פון דינאַמיק—האָט באַמערקט, אַז זיי האַרמאָנירן אַוועק דעם טעמפּ פון לעבן.

דער מענטש, דער נײַער באַפרײַטער מענטש—דער פּראָדוצירער, וועלכער הויבט אָן

*) אומעטום ציטירט פון דער יידישער איבערזעצונג, אין דער אויסגאַבע פון „ראָמאַן־ביב־ליאָטעק"—מאָסקווע.

אין דער פּולסטער מאָס פּאַנאַנדערוויקלען זיין מאָטיוו איבער דער נאַטור — אָט דער מענטש אין זיין אַרבעטס־פּראָצעס פּאַרדעקט דעם פּראָצעס פֿון די סטאַטיסטישע „פּיאַלעטישע וואָלקנדלעך“.

„איצט האָבן זיך שוין פּעמט א רהדער געטאָן די הויכן אַף האָריזאָן־קאַנטן. די גרויסע מאָמענטן, וואָס זיינען נאָך געבליבן נאָכדעם, ווי די מענטשן זיינען צום ערשטן מאָל אַהער געקומען, די גרויסע מאָמענטן, וואָס האָבן אין דרימל פּאַרבאַלעמטע זיך איבערגעוואָרפן מיט זוננעדיקע לידער אַפן ווינט, זיינען איצט ווי אַנטשווינן געוואָרן. די פֿייגלשע רעדלעך הויבן זיך צעפּלויגן אין נעפּל' — פּאַרוואונדערטע זייער געשריי און געזאַנג איבערגעריסן. מענטשלעכע שטימען האָבן זיך געלאָזט הערן אַלץ העכער, אַלץ שטאַרקער. דער שטיין און דער זאמד האָט אונטער די מענטשלעכע טריט געזונגען העכער פֿאַר די פֿייגל...“ (ז. 11).

די בלויע ראַמוועס פֿון הימלען מיט די באַרהמטע „געקרייזלטע וואָלקנדלעך“ ווערט אָפּגעריסן דורך אָט דעם נייעם אַרבעטס־פּראָצעס:

„א רויביקער, שוואַרצער עק האָט פּאַרשטעפּט א ווייס וואָלקנדל, א נעקרייזלט, ווי א נאַריש שעפּל; איז געקראָכן אַף אים, ווי ער וואָלט אים פֿון הימל געטריבן. דער הימל איז געווען רייזיק, און נעגילען האָט זיך געדוכט, אז דער רויך קריכט אַהין, אין די בלויע פּאַלאַצן, ווי א פֿרייליכער דרייסטער גאַסט אין א פּאַרומערשטער שטוב“ (ז. 19).

„בלויע פּאַרומערטע הימלשע שטוב“, וואָס מיט אַריינלאָזן דעם „פֿרייליכן“, דרייסטן גאַסט“ — דעם פֿאַבריק־רויך, — דאָ האָט איר יענעם אַרויסרוף דער אַלטער טראַדיציע פֿון „מענטש צוזאַמענגעבונדן מיט נאַטור“, קען וועלכער אַנא קאַראַוואַיעווא טרעט אַרויס אַזוי שאַרף, ווי קענען איינעם פֿון די באַשטאַנד־טיילן א געם „אידיאַטיזם פֿון דאָרפֿישן לעבן“.

מיט דערוועלכער קלאַסנבאַוווסטזיניקער שאַרפֿקייט רייסט אויף קאַראַוואַיעווא די טראַדיציאָנעלע פּאָלקיסטישע סטיל וועגנ פֿונעם נאַטור־מענטש אין זיין איינהייט פֿון טעגטעגליכן, גראָד דאָ, אין דער פּאַרוויילדעטער, וואַלדיש־בלאָטיקער געדיכטקייט, האָט דאָך אַף קאַראַוואַיעווען געלויערט דער קאָנאָגיוזישער מאָטיוו פֿון פּילניאַקס־אינטעליגענטיש־פּאָלקיסטישע וויינענדיקע וועלף און פֿון דער „בערישער רוס“ (יענע באַריימטע „ווייסע בערן, וואָס שפּאַצירן אַרום איבער די גאַסן פֿון לענינגראַד“!). קאַראַוואַיעווא האָט אַראָפּגעריסן דעם שלייער, וואָס אין מעשעך פֿון דורעם האָבן אין אים פֿאַרשיידענע ראָמאַנטישע סטיליזאַטאָרם פֿאַרוויקלט דעם „אידיאָטיזם פֿון דאָרפֿישן לעבן“.

— אזא מין בערישער קוק, — האָט ער שטיל א זאָג געטאָן, — מיט דער אוראַלטער רוס שמעקט עס...

אָנגיסו האָט, ווי אין באַראַלטענער סינע, מיט די ציין א קריץ געטאָן און אויך טויב א ברום געטאָן:

— בערישע רוס... צעשויבערטע, הולצערנע, הינטעראַיזונדיקע...

— איר ווייסט, פּיאָטר וואַסיליעוויטש, און אוועלכע פֿאַלן כאַפּט מיר עפּעס א פּאַכער אָן... אָט דער העדאָזיקער בליק פֿון דער בערישער רוס, ווי איר זאָגט... וויפֿל דווערעטדיקער אומצוזעטריי, פּאַכעד, אומפּאַרשטענדיקייט ליגט אין אים... אז עס הולט זיך אויס עפּעס וואָס טאָן, די פּאַסמעס אָפּשערן, צוקעמען, די אויגן מיט עפּעס א פֿייער אָנצינדן... אז דו נימסט א טראַכט, ווי די רוס, די הולצערנע, ווי פּאַמעלעך זי איז געגאַנגען... אָך! (ז. 23).

די וועלכע באַציונג צו דער „בערישער רוס“ מיט איר דווערעטדיקער „צעשויבערטער, הולצערנער הינטעראַיזונדיקייט“ זעט איר אויך בא דער וואַלד־מיידל קסעניע, וועלכע

(מיר באַווערן דאָס איבער ווידערשטאָל) האָט לויט דער טראַדיציע גראָד באַראַפּט פאַרקערפּערן אין זיך אָט די נאַטור־האַרמאָניע פון מענטש־בהמה. קסענ׳ע, אָבער, רײַסט אוף אָט די דאָזיקע קאַנאָניזירטע ראָמאַנטישע אידיליע מיט דערוועלבער גיבשטערקייט, מיט וועלבער זי האָט אָקאָרושט די סקרעדיטירט די סטיליזירטע וואַלדישע חאַטועס.

... „איצט איז פרײלעך בײַ אונדז. אַנדערע גײַנקינער מײדן זאָגן: „עך,
א שאָד דעם וואַלד!“ „וואָס איז דאָ, זאָג איך, צו דשאַלעווען? ווינציק האָבן די
בערן אײַער פי געפּריעמן? מיר, זאָג איך, איז א טראָפּעלע אַפילע קײן שאָד ניט...“
(2־טער טייל ז. 5).

דער קאַנאָניזירטער עקזאָטישער בער פאַרלירט דאָ אינגאַנצן זײַן סטיליזירטע ראָמאַנטישקייט. ער פרעסט דאָך פי, ער פאַטערט האָב און גוטס פון האָרעפּאַשניקעס! ער קאָן זיך אויפהאַלטן נאָר אין באַדינגונגען פון ווילדקייט, ניטאָרגאַניזירטקייט און אָפּגעשטאַנענע לעבןפאָרמען.

ווילן אויסגעריסן ווערן די אַלטע פּראָדוקציר־באַציונגען, וועט זיך אַפילע בלויז אַן אײַזנבאַן־ליניע באַווײַזן,—וועט דערמלט נעמען א סאָף צו דער בעריש־וואַלפישער רום, וועט דער טראַדיציאָנעלער רוסישער „מישקאַ“ מוזן זיך אָפּטראָגן ווײַטער.

„— וואָס פאַר א ליניע? צו וואָס?

— וואָס פאַר א־א־א! אי־אי, סטויפּ נאַרישער, אַן אײַזנבאַן־ליניע! פאַרשטייסט? פריער פלעגן אום פרילינג בערן קריכן צו נאַסט צום פּאַטלאַטעס שטיבל, און אָט אינעם קומענדיקן פרילינג, גיב נאָר א פּראַוו, קרומפיסיקער. באַבאַ! דאָרט וועט, נעטער ברודער, א מאַשין אויעק, און וואַלד... (ז. 35).

דאָס טײַנעט אַזוי אין מיטן „קרומפיסיקן“ אײנער פון קאַראַוואַיעוואַס העלדן—דער נעמוענער פאַרטיזאַנער, דער פּראָגרעסיווער פויער—וואַבירעט פאַר די וואַבירעוס—אָט די וואָס ששטעלן פאַר מיט זיך ניט דעם פאַרטייל, (предрассудок) נאָר דעם סיכל (рассудок) פונעם סאָוועטישן דאָרף—איז די „בערישע רום“—א „פאַרשטונקענע לאָך“, וואָס מוז אויסגעריסן ווערן און וועט אויסגעריסן ווערן, ווי נאָר עס וועט אויסגעריסן ווערן סאָציאַל און טעכניש דער „אידיאָטיזם פון דאָרפישן לעבן“.

קאַראַוואַיעוואַ ווײַזט, אַז אינעם מאָדערנעם רוסישן לעבן וויגען נאָך פאַרבליבן קאָנסערוואַטיווע קויבעס, פאַר וועלכע די וואַלדישע און בלאָטיקע „ראַטועס“, די „בערישע רום“ איז די געגנאַרטע סאָציאַלע באַזע פאַר באַלעבאַטישער קאַפּיטאַל־אָנזאַמלונג, פאַר רעאַקציע, פאַר פינצטערניש. און אָט, קעדיי עטנילטיק דערישלאָגן קינסטלעריש אָט די דאָזיקע פינצטערע קויבעס, רוקט אַרויס קאַראַוואַיעוואַ, אין פאַרשאַרפטן גראָטעסקישן ליכט, די פיגורן פונעם נעווראַסטעניש־סענטימענטאַלן אינטעליגענט־שפּאַלקיסטישן טעכניק בוטשעלסקי און די צעשויבערטע, „פאָעטישע“ (ברייטע רוסישע נעשאָמע, סאַמאָראָן, טשאַסטושקעס) פיגור פונעם פויער יעוטושקע— דעם „לעצעוואַטן טענצער“, אף קרומע הויקערדיקע פיס, און פאַסטעלעס. יעוטושקע און זײַן וויבערדיקן שיקערן „עכט רוסישן“ טאַנץ, האַנט בײַ האַנט מיט דער אַלטער „עכט רוסישער“ דאָרפישער זאָגערן נילאָווגע—צי דען איז אָט דאָס פּאָרל ניט געווען א לעגנדע צײַט די פאַרקערפּערונג פון דער „אַלטער רוס?!“.

דער נעווראַסטעניש־אינטעליגענטישער טעכניק בוטשעלסקי זעצט טאַקע פאַר אָט די דאָזיקע טראַדיציע פון פאַרהײליקן „די ברייטע רוסישע נעשאָמע“. מיט נעווראַסטענישער הוספּײַלעס באַגעגנט ער יעוטושקעס שיקערן טאַנץ.

„יעוטושקע האָט ששפּעריש נעזאָרפן די אָנגעפּאָסטלטע פיס איבערן סאַמע
פײַער און אף זײַן פּאָנים האָבן געגלאַנצט די ווײַסע ציין, די ווילדע פרייד.

„אַזוי האָבן געטאַנצט די באַגען און טאָטערישע פירשטן אף די הולאַנקעס

זײערע!"—האָט מיט א פרײדיקן שװידער געשראַכט בוטשעלסקי, און אים האָט זיך אױסגעדוכט, אז דאָס טאַנצט איצט איבער די שײַטערן די אוראַלטע פּאַסטעליעװאַטע און רײכיקע רום.

— עפּעס װעסטו זיך פאַנאַנדערקנעפּלען אַף א הרײַעל? דאַ? האָט עמי-צער הויך אַרײַנגעסקריפּעט אים אין אויער אַרײַן,—דאָס האָט יעװטושקע אונ-טערן הײמן טאַנץ, א װאַרעם טענדיק אין דער ליפטן מיט א פּנים, שעלמיש און שטיפעריש מיט אַן אויג א װונק געטאָן צו אים.

די ביסט, װײַזט אויס, א פּראָסטער פּאַרען, פאַרשטײסט אַנדערען א ברו-דער.

דער אוילעם ארום האָט זיך צעברומט, צעלאַכט:

— אַ פּראָסטער-ערן!

— מוטשט זיך ניט!

בוטשעלסקי האָט אפּגעך אַרײַנגעריקט יעװטושקען און האָט אַרײַן א פּינפ-הונדערטקע.

— א נײַנקע!—האָט יעװטושקע מיטן צונג א קנאַק געטאָן—א פינפערל, ברידערער—מאַװערימליך, ס'איז כײַ-געלעבט! (ז. 25).

אין אָט דער גראָטעסקיש-ביזױער סצענע איז גלענצענדיק אויסגעפירט געװאָרן די קלאַסן-מאַסקע, אונטער װעלכער די פּאַרשײדענע „פּראָסטע פּריצים" פון דער רוסישער ליטעראַטור האָבן אין מעשעך פון דורעס קולטיװירט אַרױלױע פון דער „בעריישער רום", מיט איר „געבעגעשטער" סקיפּיש-מאַנשער קולטור. דער אױטאַרטיקער קלאַסן-צוזאַמענ-שלוס צװישן דעם „עמטאַרױשן" יעװטושקע און דעם אינטעליגענט בוטשעלסקי ענ-דיקט זיך, װי געװײנלעך, מיט א פינפערל, װאָס ניט די מעגלעכקײט דעם „פּראָסטן פּאַרען"—דעם באַלעטשטװעניק אָפּצוריײַסקן זײַן „געװיסן" און דעם פּױער יעװטושקע—אַרײַנצוגײן נאָך א פּאָר גלעזלעך מאַשקע.

אַן ענלעכע סצענע אינעם װעלבן שאַרף גראָטעסקירטן ליכט ניט אונדז קאַרא-װאַיעװאַ אין דער באַגעגעניש צװישן דעם אינטעליגענט בוטשעלסקי—דער ליבהאָבער פון „עמטער ענדישער װשאַפונג" און דער דאָרפישער זאַגערן, מיטן „עמעטן געלעבן פּינק"—גילאָװנע. דאָ רײַסט אַראָפּ קאַראַװאַיעװאַ די סאָציאַלע מאַסקע פונעם סענטימענ-טאַל-פּאָלקיסטישן פּאָלקלאָריזם. פאַר די בוטשעלסקעס איז גילאָװנע, מיט איר האָגערישן נוסעך, די פאַרקערפּערונג פון דער נאַציאָנאַלער פאָרם אין דער רוסישער שאַפונג, מאַכ-טעם נאַציאָנאַל װײַנען באַ אָט די קולטור-געהאַסטעניקער בלויז די שװאַכן פון דער געשיכטע—די טאַראַקאַנעס און די בלינעס,—אָבער ניט יענע טײלן פון דער נאַציע, װעלכע פירן די געשיכטע פאָרױס, און קאַמף טאָקע קעגן די בלינעס און טאַראַקאַנעס און בריזשן היסטאָרישן זין געגעבן.

„בוטשעלסקי האָט א רוף געטאָן דעם אינזשענער און מיט כיבע, גרױסע טריט געגאַנגען אים אַנטקעגן. ער האָט ברײט א שמײכל געטאָן צו אַלעמען און אפילע אַנגעװיזן האָט ער ניט פּאַשעט די תאַװע דערלאַנגט, נאָר הײם און פרײ-דיק זיך געטרײסלט...

— אַך, װען איר װײסט, װי שײן דאָס איז! איך האָב איצט געהערט אזא מיט אַלטװאַרג, מיטן אוראַלט האָט א דופּט געטאָן...

— און איך איז אָנגענעם דערדאָװקער געװען?—האָט זיך יעלענע א װוצל געטאָן.

בּוטשעלסקי האָט פריילעך א מאַך געטאָן מיט דער האַנט, די אויגן האָבּן באַ אים מאָדנע געלויכטן און ער האָט געוואָלט צו דערציילן.

— ווייסט זיך אַרויס, אַז דאָ לעבּט אַן אַלטינקע מיט אַן עטעמן געשלעבּן פונק אין דער געשאָמע, אַף מיין וואָרט, לאַכט ניט... דאָס איז די וואָגעון־גילאָווע, אַן אויסגעצייכנטע שפראַך באַ איר, עכטע עלדישע ישאָפונג.

יעלענע האָט זיך אומגעדרייט צום אינזשעניר.

— קום טיי טרינקען, כאָווער מעדריאיטו. אָדער איר ווילט עפּשער די מיַסעס הערן?

— גייען זאַ צום טישול,—האָט זיך דער אינזשעניר אָפּגעשאָקלט—דאָס איז לעאָניִדס ספּעציאַליטעט, און, אַגעזו, איז שוין די אַלטע צו שטאַרק פאַר־שימלט". (ז. 38).

אין דער הויטישער קריטיק איז מיט רעכט אָנגעוויזן געוואָרן אַף דער ניט נאַטירלע־כער פאַרשאַרפטער געזוכטסטעוועשקייט פון אָט דעם „פאָלקס־פריינט"—בּוטשעלסקי, וואָס איז „פאַרליבּט אין דעם". פאַר אונדז אָבּער איז איצט וויכטיק דער עצעם־פאַקט, וואָס קאַראַוואַיעוואַ האָט געפונען פאַר נייטיק גראָד אין יענעם בוך, ווי דער אַרטיקער קאָ־לאָריט האָט געקאָנט וועקן בייושעק צו אָט דער טראַדיציאָנעלער פאָלקסטימלעכער מיַסעס־עקזאָטיק,—אויפרייַסן, גראָטעסקיש אויסלאכן די פאַרשימלטע זאָגערס און „לעצטע וואַטע טענציער", וואָס פּלוען פאַרקריפּעלן די „נאַציאָנאַלע פאָרם" פון דער „מוטער־לעם". די פּראַקטיק פון אונדזער קאַמף קעגן א גאַנצער ריי אַזוי גערופענע „פּויעריש" שרייבּער, און באַזונדערס, קעגן דער יעסעניַנשטשינע, באַווייזט, אַז קיין שום סאָ־ציאַליסטישע רעקאָנסטרוקציע איז ניט מעגלעך, קאָלזמאַן עס וועלן ניט אַנטפּלעקט ווערן אָט די אַלע יעזויטישקעס, גילאָוונעס און ווייטערע פאָלקסטימלעכע אידעאָלאָגן—די בּוטשעלס־קעס, וואָס כאַפּן היספּיילעס פונעם „נאַציאָנאַלן זשעמט", פון דער פאָלקלאָריסטישער מיַסעדיקייט, פון דעם „שוים פון דער נאַטור", פון די „פּיאַלעטשוע וואָלקנדלעך" און האַלבּ־אַיַנגעפּאַלענע, שטרויענע (אָרעלבּע מאַלערישע) שטיבּעלעך.

„סאַרא ליבּ שטיבּעלע באַ דיר איז, פּאַטלאַטער פריינט מיינער!

— דערזען האָט זי מיר, די שעדישע, איך ווייס אַליין ניט וואָס. וויגטער וואָרט זי און איין רעגע אויסגעקילט.

עס האָט זיך געהערט, ווי דער פּאַטלאַטער האָט מיט קאָעס אַ שפּיַ געטאָן.

בּוטשעלסקי האָט שולדיק הויך א לאַך געטאָן און געזאָגט מיט א וואַריע־מער צוטעמנדיקער שטים:

— איך האָבּ היינט, פּאַטלאַטער, ליזדער געהערט ביזן די מאַמע שטערן זינגען אַהפּגעזאָגנגען... אַ־אַך, ווי אונדזער פאָלק זינגט, סאַרא טיפער אומעט...

— דער בּראָנפן מאַכט דאָס אַלץ—אָט דער פּאַטלאַטער ווידער אויסגע־שריען,—ושיקערע פּייערים און נאַר. דעם וועג ווענט איר געפינען? נעמט זיך אַלץ ליינקם, (ז. 25).

אָט דעם שמועס, וואָס קומט פאָר צווישן האַלבּשיקערן „פאָלק פריינט" בּו־טשעלסקי און דעם פאָרשטייער פונעם עמעסן, נישטקאָריישן פאָלק—דעם וואַלד־שוימער—איז אַליין שוין בּעקוועם צו געבּן א מיטקלאַפּ אַלע פאָלקסטימלעכע סטיליזא־טאָרן און ראָמאַנטיקער פון אונדזער ליטעראַטור:

שיקערע פּייערים און נאַר, אַפּיקאָרסישע פאַרמאַלידונג!

סיי דער קאָמוניסט אָגניעוו, סיי דער אינזשעניר, ווי אויך די גאַנצע פּויערישע מאַסע, וואָס איז גרייט, אונטער דער אָנפירונג פון די אָגניעוס, איבּערצואַנדערן ווייטערע פּראָדוקציר־באַציונגען און זיך נעמען—פון זיי אַלעמען אָטעמט מיט יענעם גרויסן איבּער־

בוי-ענטוזיאַזם, וועלכער האָט אַרומגעכאַפּט אונדזער לאַנד. דערדאָזיקער איבערבוי באַשטייט ניט בלויז אין דעם, וואָס אין אַ פאַרוואָרפענעם ווילדן העק קומט צו נאָך אַ גע-הילץ-וואַזאָר. עס האַנדלט זיך אין פּרינציפּיעל-נייַע געזעלשאַפטלעכע באַציִונגען, אין נייַע קולטור-געוווינהייטן. וואָס וואַקסן אויס אין פּראָצעס פון שווערן קלאַסן-קאַמף, פון קאַמף פאַר איבערמאַכן די אַלטע „בעריש-וואָלפישע רוס" אין אַן אינדוסטריעל-אַגראַר לאַנד. ס'איז אַ קאַמף פאַר אויפרייַסן די נאַציאָנאַל-עטנאָגראַפישע באַגרענעצטקייט פון דער קלייבלעך-פּייַערישער זאַגערישער קולטור: פאַר באַזיגן מיטן מאַשין, מיט קאָלעקטיווער אַרבעט די וואַלדיש-בלאָטיקע געדיכטעניש; פאַר אייַנשטעלן אַ נייַע קאָלאָסאַלע אַרבעטס-דיסציפּלין. קאַראַוואַיעוועס אינזשענער, וועלכער איז קעגנגעשטעלט דעם טשבניקער בישעלסקי, איז טאַקע באַרופן, אונטער דער אָנפירונג פון דעם קאָמוניסט אָגניעוו, פירן צום סאָציאַליסטיש-טעכנישן אָנגריף אויף די אַלע וואַבירעוס, וואָס ווילן מער ניט פאַרווילדיעוועט ווערן צווישן געדיכטע וועלדער, בערן און וועלף, אויף דער „געבענטשטער "שוים פון דער נאַטור, און „מאַלערישע" שטרויענע כאַטקעס.

ניט דאָ איז דער אָרט נעמען זיך אָפּשטעלן אויף די בעמערקונגען און מיילעס פון קאַראַוואַיעוואַס ראָמאַן בכלל. פאַר אונדז איז איצט קוידעמקאָל וויכטיק צו באַווייַזן, ווי אַזוי אַ פּראָלעטאַרישער קינסטלער האָט געלייזט אַ רייע זייער אַקטועלע פּראָבלעמען אויף אַ מאַטעריאַל, וואָס דערמאָנט זייער דעם מאַטעריאַל פון אַרלאַנדס „הרעבליעס".

א. גורשטיין.

# פראגן פון מארקסיסטישער ליטעראטור־קענטעניש *).

## ערשטער קאפיטל.

## ליטעראטור אלס אידעאָלאָגיע.

אין זײַן געזעלשאַפֿטלעכער פּראָדוציר-טעטיקייט, אין זײַן סאָציאַלער פּראַקטיק, ווירקט אויף דער מענטש אַף דער נאַטור, ער באַנוצט אירע קרעפֿטן און מעגלעכקייטן. אין דער־דאָזיקער סאָציאַלער פּראַקטיק זײַנער, אינעם שטענדיקן קאַמף מיט דער נאַטור, און אינעם קעסיידערדיקן קלאַסנקאַמף, וועלכער וואַקסט אויס אויפֿן באָדן פֿון די פּראָדוציר-באַציונגען, *דערקענט* דער מענטש די וועלט, דערקענט די גאַנצע אַרומיקע ווירקלעכקייט. דער גאַנצער סכום וויסן פֿונעם מענטשן וועגן דער וועלט, וועגן דער גאַנצער ווירקלעכקייט, וועלכע רינגלט אים אַרום, בילדעט זײַן, דעם מענטשנס, *געזעלשאַפֿטלעכן באַוווּסטזײַן*. אָבער דער־דאָזיקער געזעלשאַפֿטלעכער באַוווּסטזײַן זײַנער האָט פֿאַרשיידענע פֿאָרמען, אַנטפּלעקט זיך אין פֿאַרשיידענע *אידעאָלאָגיעס*, אין פֿילאָזאָפֿיע, וויסנשאַפֿט, רעליגיע, קונסט, ליטעראַטור, אַלס איינעם פֿון די מינים קונסט א. א. וו. ווען מיר טרעטן צו צו שטודירן ליטעראַטור, דאַרפֿן מיר פֿריער פֿאַר אַלץ פֿעסטשטעלן איר ספּעציפֿישקייט (אייגנטימלעכקייט) אַלס אידעאָלאָגיע ד. ה. מיט וואָס אונטערשיידט זיך די ליטעראַטור פֿון אַנדערע אידעאָלאָגיעס.

דער הויפּט-סימן פֿון קונסט בכלל איז דאָס, וואָס די קונסט דריקט אויס דעם מענטשלעכן (געזעלשאַפֿטלעכן) באַוווּסטזײַן ניט אַבסטראַקט, ניט אין באַגריפֿן, ווי, למשל, די פֿילאָזאָפֿיע און די וויסנשאַפֿט, נאָר אין לעבעדיקע *געשטאַלטן*, ד. ה. אין פֿאַרהויט קאָנקרעטע און אינדיווידועלע שטריכן פֿון די געשילדערטע דער־שײַנונגען. „...קונסט הויבט זיך אָן דאָן,— שרײַבט פּלעכאַנאָוו,— ווען דער מענטש רופֿט אין זיך באַנײַעם אַרויס די געפֿילן און געדאַנקען, וועלכע ער האָט איבערגעלעבט אונטער אײַנדרוק פֿון דער ווירקלעכקייט, וואָס רינגלט אים אַרום, און *גיט זיי א געוויסן געשטאַלטלעכן אויסדרוק*. זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז אין דער גרעסטער מערהייט פֿאַלן טוט ער עס כּדי צו איבערגעבן *אַנדערע מענטשן* דאָס, וואָס ער האָט איבערגעטראַכט און איבערגעפֿילט. קונסט איז *א געזעלשאַפֿטלעכע דערשײַנונג*" (פּלעכאַנאָוו, „בריוו אָן אַן אַדרעס", גע־זאַמלטע ווערק, ב. 14, זײַט 2, אונטערגעשטראָכן בײַ פּלעכאַנאָוו).

---

*) עס ווערן דאַ געגעבן די ערשטע צוויי קאַפּיטלען פונעם מעכאַבערס פּאָפּולערן בוך „פראגן פון מארקסיסטישער ליטעראטור־קענטעניש", וואָס דערשיינט אין מאָסקווער „צענטראָ־פארלאג".

פון אנדערע קונסטן אונטערשיידט זיך די ליטעראטור דערמיט, וואָס זי איז א „וואָרט־קונסט", דערפאַר וואָס די געשטאַלטן, וואָס דער קונסטלער גיט, ווערן פיקסירט אין וואָרט. די ספּעציפישקייט פון ליטעראטור באשטייט, הייסט, עס, אין איר געשטאַלטיקייט און אין דעם, וואָס דיזאָזיקע געשטאַלטיקייט איז געגעבן אין וואָרט, דורכן וואָרט.

אָבער ווי יעדע אידעאָלאָגיע, ווי א פאָרם פון געזעלשאפטלעכן באוואוסטזיין, פאָלגט די ליטעראטור אין איר אנטוויקלונג יענע אלגעמיינע געזעצן, וואָס דער מארקסיזם האָט פעסטגעשטעלט פאַר די אזוי גערופענע „איבערבויען" ביכלאל. און איינע פון די גרונט־האנאָכעס פונעם מארקסיזם, וועלכע מארקס האָט פאָרמולירט אין זיין ווערק „צו דער קריטיק פון דער פּאָליטישער עקאָנאָמיע", איז אזא: „דער פּראָדוציר־אופן פונעם מאַטעריעלן לעבן פאַראורזאַכט דעם פּראָצעס פונעם סאָציאלן, פּאָליטישן און גייסטיקן לעבן ביכלאל. ניט דער באוואוסטזיין פון מענטשן באשטימט זייער זיין, נאָר פאַרקערט, זייער געזעלשאַפטלעכער זיין באשטימט זייער באוואוסטזיין".

ווי אזוי זאָל מען געפינען די פאַרבינדונג פון דער ליטעראטור (און דער קונסט ביכלאל) מיט דעם באשטימטן געזעלשאפטלעכן זיין, מיט דעם באשטימטן „פּראָדוציר־אופן"? גרינגער פאַר אלץ איז דאָס צו טאָן אויף בײַשפּילן פון דער אוראַלטער קונסט, דערפאַר ווײַל דאָרט איז דיזאָזיקע פאַרבינדונג אומיטלבאַרער, בולטער און זי אנטפּלעקט זיך דורכזיכטיקער אפילו פאַר א „ניט־באוואָפנט" אויג. אין די לעבנס־באַדינגונגען פונעם אוראַלטן מענטשן איז דיזאָזיקע פאַרבינדונג צווישן דער קונסט און דער „ווירטשאַפט־אָרגאַניזאַציע" אזוי באשײַמפּערלעך קלאָר, אַז אפילו בורזשואזע געלערנטע (לעמאָשל, ע. גראָסע אין זײַן ווערק „די אנטשטייונג פון קונסט") קומען אין זייערע אויספירן צום אנערקענען און באשטעטיקן דיזאָזיקע פאַרבינדונג (אין די באַדינגונגען פונעם אוראַלטן מענטשן).

מע האָט געקאָנט ברענגען אַנאַלאָגיקע בײַשפּילן פון דעמאָזיקן געביט. מיר וועלן זיך באַגנוגענען מיט איין בײַשפּיל, וועלכן עס ברענגט פּלעכאַנאָוו: „אָט איז לעמאָשל באַוויזט,—שרײַבט ער,—אַז די ניי־זעלאַנדער באַזינגען אין אייניקע לידער וועגן די באַאַרבעטונג פון באַטאַטן (אַרטיקע פּרוכטן... א. ג.). עס איז אויך באַוויזט, אַז געוויסע לידער ווערן באַגלייט צוזאַמען מיט טענץ, וועלכע שטעלן מיט זיך פאָר ניט מער, ווי א נאָכמאַכונג פון די קערפּער־באַוועגונגען באַם ערד־אַרבעטער, ווען ער אַרבעט איבער דיזאָזיקע געוויקסן. דאָ ווערט מען קלאָר, ווי אזוי די פּראָדוציר־טעטיקייט פון מענטשן ווירקט אויף זייער קונסט" (פּלעכאַנאָוו, „די פראַנצויזישע דראַמאַטישע ליטעראַטור א. א. וו.", געז. ווערק, באַנד 41, זייט 96).

פיל שווערער איז דער ענין, ווען מיר טרעטן צו אויספאָרשן די דערשיינונגען פון קונסט און ליטעראטור אין דער אנטוויקלטער געזעלשאַפט, אין דער געזעלשאַפט, וואָס איז צעטיילט אויף קלאַסן. און די מענטשלעכע געזעלשאַפט איז דאָך שטענדיק א קלאַסן־געזעלשאַפט, אויסער דער סאַמע פריער צײַט פון איר עקזיסטענץ (דער אוראַלטער קאָמוניזם) און אויסער דער צוקונפט־געזעלשאַפט, דער סאָציאַליסטישער. אין דער קלאַסן־געזעלשאַפט האָבן מיר קלאַסן העכערע, עקספּלואַטירנדיקע און קלאַסן נידעריקע, אונטערדריקטע. די העכערע קלאַסן פאַרנעמען זיך קלאַל ניט מיט קיין פּראָדוציר־אַרבעט; ווי אזוי דערווײַזט מען די פאַרבינדונג פון דער קונסט, וואָס דיזאָזיקע קלאַסן שאַפן, מיט דעם געזעלשאַפטלעכן פּראָדוציר־פּראָצעס? אזא פראַגע שטעלט פּלעכאַנאָוו אין דעם נאָך וואָס ציטירטן אַרטיקל זײַנעם און גיט אויף איר אַליין אן ענטפער:

„... די ערשטע צעטיילונג פֿון דער געזעלשאַפֿט אויף קלאַסן ווערט פֿאַרוואַקסט פֿון איר עקאָנאָמישער אַנטוויקלונג. און אויב די קונסט, וואָס די העכערע קלאַסן שאַפֿן, האָט ניט קיין שום דירעקטע שייַכעס צום פּראָדוקציע־פּראָצעס, דערקלערט זיך דאָס אין לעצטן סאַך־אַקל אויך מיט עקאָנאָמישע סיבות. הייסט עס, אַז די מאַטעריאַליסטישע דערקלערונג פֿון געשיכטע איז פּונקט גילטיק אויך אין דעם דאָזיקן פֿאַל, אָבער עס איז זעלבסטפֿאַרשטענדלעך, אַז אין דעם פֿאַל אַנטפּלעקט זיך שוין ניט אַזוי לײַכט די אומבאַדינגטע [illegible] פֿאַרבינדונג צווישן דעם זײַן און דעם באַוווּסטזײַן, צווישן די געזעלשאַפֿטלעכע באַציִונגען, וועלכע אַנטשטייען אויפֿן יסוד פֿון „אַרבעט" און דער קונסט. דאָ, צווישן דער „אַרבעט"—פֿון איין זײַט, און דער קונסט—פֿון דער צווייטער, בילדן זיך אויס צווישנדיקע אינסטאַנצן, וועלכע ציִען אָפֿט צו זיך צו די גאַנצע אויפֿמערקזאַמקייט פֿון די פֿאָרשער און פֿאַרשווערן דערמיט דאָס ריכטיקע פֿאַרשטיין די דערשיינונגען" (פּלעכאַנאָוו, געז. ווערק, ב. 14, זײַט 97). און פּלעכאַ־נאָוו באַווײַזט אויף בײַשפּילן פֿון דער פֿראַנצויזישער דראַמאַטישער ליטעראַטור (און מאָלערײַ) פֿונעם 18 יאָרהונדערט, ווי די בורזשואַזיע, וועלכע האָט אין דער עפּאָכע פֿון גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע אַרויסגעשטויסן פֿון דער היסטאָרישער אַרענע דעם פֿעאָדאַלן אַדל, האָט אויך אַרויסגעשטויסן אין טעאַטער די אַדעליקע קלאַסישע טראַגעדיע מיט אירע העלדן—די קעניגן און הויכע לײַט—און זי פֿאַרבײַטן מיט דער אַזוי־גערופֿענער „בירגערלעכער דראַמע", וואָס האָט געשילדערט די פֿריידן און ליידן פֿונעם [illegible] קלאַס—פֿון דער בורזשואַזיע. אָבער דער דאָזיקער אומבײַט־פּראָצעס פֿון פֿאַרשיידענע ריכטונגען אין דער ליטעראַטור איז ניט געווען גלאַט אַ מעכאַנישער, אויטאָמאַטישער אָפּקלאַנג פֿון פֿאָרגעקומענע היסטאָרישע געשעענישן, נאָר ער האָט אַליין פֿאָרגעשטעלט מיט זיך אַן אָרגאַנישן באַשטאַנד־טייל פֿונעם גאַנצן היסטאָרישן פּראָצעס, דורכגעמאַכט אַ גאַנצע רײַ קאָמפּליצירטע האַנדלונגען פֿון איין עטאַפּ צום צווייטן.

אָט די דאָזיקע קאָמפּליצירטקייט פֿונעם ליטעראַטור־פּראָצעס און די קאָמפּליצירט־קייט פֿון זײַן קעגנזײַטיקער פֿאַרבינדונג, זײַן אָפּהענגיקייט פֿונעם אַלגעמיינעם היסטאָ־רישן פּראָצעס—דאָס דאַרף שטענדיק געדענקען דער ליטעראַטור־פֿאָרשער—דער מאַרקסיסט. ווער עס וועט וועלן דורכציִען דירעקטע פֿעדים פֿון ליטעראַטור־דערשיי־נונגען צום „באַזיס", צו דער עקאָנאָמישער סטרוקטור, דער ריזיקירט שטענדיק זיך אַראָפּקײַקלען צו פֿאַרפֿלאַכונג, צו וווּלגאַריזאַציע פֿונעם מאַרקסיסטישן מעטאָד. מע דאַרף שטענדיק געדענקען די קאָלאָסאַלע אַקטיווע ראָלע פֿון יענע „צווישנדיקע אינסטאַנצן", וועגן וועלכע עס רעדט פּלעכאַנאָוו, ד. ה. די פֿאַרשיידענע „איבער־בויען", און צווישן זיי באַזונדערס די ראָלע פֿון פּ אָ ל י ט י ק, וועלכע איז דאָך, ווי באַוווּסט, „דער קאָנצענטרירטער אויסדרוק פֿון עקאָנאָמיק", די סאַמע אַלגעמיינע, אוניווערסאַלע פֿאָרם פֿון קלאַסנקאַמף. די דאָזיקע ראָלע פֿון פּאָליטיק אינעם פֿאָר־מירן די אַנדערע „איבערבויען", און דערונטער די קונסט און די ליטעראַטור, לאָזט זיך באַזונדערס שפּירן אין דער עפּאָכע פֿון רעוואָלוציעס, ווען די ענדערונגען, וועלכע קומען פֿאָר אין אַלע געביטן, דריקן זיך אויס גרינגער פֿאַר אַלץ, פֿאָרמירן זיך אויס אין באַשאַפֿן די נײַע פּאָליטישע מאַכט.

נעמענדיק אין אַכט די ווירקונג און די באַדײַטונג פֿון די „צווישנדיקע אינסטאַנצן", פֿון די צווישנרינגען, ד. ה. פֿון פֿאַרשיידענע איבערבויען, קומט דער פֿאָרשער „אין לעצטן סאַך־אַקל" צום עקאָנאָמישן באַזיס, צו יענעם „ריעלן יסוד", אויף וועלכן עס דערהייבט זיך און פֿון וועלכן עס וואַקסט אויס, ווי פֿון דער [illegible], דער גאַנצער סאָציאַל־פּאָליטישער און אידעאָלאָגישער סיסטעם. און ווען ער שטעלט פֿעסט די פֿאַר־

בינדונג פון דעם אָדער יענעם ליטעראַרישן שאַפן מיט א געוויסן „פּראָדוציר־אויפן", מיט דער באַשטימטער פאָרם זייער, וועלכע האָט פאַרורזאַכט די אַנטוויקלונג פונעם געגעבענעם שאַפן, דעפינירט (באַשטימט) דער פאָרשער אַזוי אַרום די סאָציאַלע נאַטור פונעם שאַפן, אָדער פּינקטלעכער געזאָגט — זיין קלאַסן־נאַטור, ווייל די געזעלשאַפט באַשטייט פון פאַרשיידענע און פיינטלעכע קלאַסן. מיט אַנדערע ווערטער — ער שטעלט פעסט, וואָס פאַר א קלאַס און אין וועלכער סטאַדיע פון זיין אַנטוויקלונג האָט געגעבן דאָס דאָזיקע שאַפן. ליטעראַטור־שאַפונג איז איינע פון די פאָרמען פון געזעלשאַפטלעכן באַוווּסטזיין, איז אידעאָלאָגיע, ווי עס איז אין א קאָנקרעטיזירטער פאָרם געגעבן געזעלשאַפטלעכע פּסיכאָלאָגיע. ווען דער פאָרשער באַשטימט דעם כאַראַקטער פונעם געגעבענעם שאַפן אַלס אידעאָלאָגיע און צוזאַמען דערמיט אויך זיין קלאַסן־נאַטור, אָדער, לויט פּלעכאַנאָווס באַוווּסטן אויסדרוק, זיין „סאָציאָלאָגישן עקוויוואַלענט", לייזט ער אַלס פאָרשער זיין גרונט־אויפגאַבע.

ווי יעטווידע אַנדער אידעאָלאָגיע, פילט אויס די ליטעראַטור באַגלייך מיט אַנדערע קונסטן א באַשטימטע געזעלשאַפטלעכע אויפגאַבע, טוט א באַשטימטע סאָציאַלע פונקציע. און וואָס זשע באַשטייט די סאָציאַלע פונקציע פון ליטעראַטור און פון קונסט בכלאַל?

„... אַף פאַרשיידענע שטאַפלען פון דער געזעלשאַפטלעכער עוואָלוציע, — זאָגט וו. מ. פריטשע, — האָט זיך אַף א געוויסן אופן געביטן די סאָציאַלע פונקציע פון דער קונסט, בלייבנדיק אין טאָך איינע און דיזעלבע, אַלעמאָל ווי א געוויסער מיטל צו אָרגאַניזירן די סאָציאַלע פּסיכיק און דאָס סאָציאַלע לעבן" (וו. פריטשע, „סאָציאָלאָגיע פון קונסט", 2־טע אויפלאַגע, 1929, זייט 13).

מיר טרעפן בא פאַרשיידענע פעלקער אַזוי גערופענע אַרבעט־לידער, ד. ה. אַזעלכע, וועלכע באַגלייטן די פאַרשיידענע מינים פיזישע מי, פאַרשיידענע מינים אַרבעט. אין דער גרויער פאַרגאַנגענהייט זיינען אַזעלכע לידער באַשטאַנען פאַקטיש פון איבערגעחזרטע באַזונדערע קלאַנגען, וועלכע האָבן ניט געהאַט קיין באַשטימטן זין; דערנאָך זיינען אויסגעוואַקסן עטלעכע אַרבעט־לידער, ווי די רוסישע „דובינושקע", לעמאָשל. אַזעלכע לידער דינען דירעקט אַף צו פאַרלייכטערן די געמיינזאַמע אַרבעט, דינען איר קאָלעקטיווער אָרגאַניזירונג, און אין זיי, אין די דאָזיקע אַרבעט־לידער, דאַרף מען זוכן דעם מאָקער פון דיכטונג בכלאַל. דער ריטם גופע פון דער דיכטונג איז געבוירן געוואָרן פונעם אַרבעט־ריטם. אַזוי אַרום איז די דיכטונג טכילעס געווען א מיטל צו פאַרלייכטערן און בעסער אָרגאַניזירן די אַרבעט פונעם געזעלשאַפטלעכן קאָלעקטיוו.

אָבער דאָס איז ניט געווען די איינציקע געזעלשאַפטלעכע אויפגאַבע פון דער דיכטונג (ווי אויך פון אַנדערע קונסטן). אין די ווייטסטע פאַרהיסטאָרישע צייטן, ווען דער מענטש פלעגט קריגן פאַר זיך שפייז דורך געיעג, איז די קונסט געווען א מאַגישער קישעף־אַקט. דער פרימיטיווער מענטש — דער יעגער — האָט געגלייבט, אַז אויסמאָלנדיק אַ שטיינער א כאַיע, איז דערמיט גופע באַהערשט ער זי, וואַרפט ער זי אונטער אונטער זיין אייגענער מאַכט! אין דער דאָזיקער ווייטער עפּאָכע איז די קונסט (די מאָלעריי, די אוראַלטע יעגער־לידער) געווען אַן אייגנאַרטיקער קישעף, א מיטל צו געוועלטיקן איבער דער נאַטור*).

*) מיר שעפן דאָ לאַכלוטן ניט אויס די פראַגע וועגן דער סאָציאַלער פונקציע פון דער אוראַלטער קונסט. מע וואָלט אַוודאי באַדאַרפט ריידן אויך וועגן די קריגערישע טענץ און לידער וועגן דער קונסט, וואָס דינט אַף פאַרזעצן און פאַרבעסערן דעם שטאַם (די טענץ פון מאַנסבילן פאַר פרויען) א. א. וו.

פֿון געיעג גייט די מענטשהייט אריבער צו ערד-ארבעט. די אוראַלטע ערד-ארבע-טערישע קאָלעקטיוון זײַנען געבויט אויף א קאָמוניסטישן שטייגער. דערנאָך ווערן זיי צעשפּאַלן אויף קלאַסן – ערדבאַזיצער און פּויערים. אזוי שאַפֿט זיך בײַסלעכווייז אין א דויערנדיקן היסטאָרישן פּראָצעס די קלאַסאָווע פֿעאָדאַלע מעלוכע. די אוראַלטע מאַגיע וואַקסט אויס אין רעליגיע, באַנאַנד מיטן הערשערישן פֿעאָדאַל באַווײַזט זיך דער פּריסטער, דער פֿאַרמיטלער צווישן גאָטהייט און מאַסע. אין דערדאָזיקער סטאַדיע פֿון דער מענטשלעכער אַנטוויקלונג שפּילט די קונסט ווײַטער א געזעלשאַפֿטלעכע ראָלע, אָבער זי הערט שוין אויף צו זײַן א מאַגישער קישעף-אַקט, נאָר זי ווערט אַן אַקט פֿון רעליגיעזן קולט. פֿון א מיטל צו באַוועלטיקן איבער דער נאַטור ווערט די קונסט א מיטל צו אײַנבעטן די געטער. די אוראַלטע יעגער-ליד טרעט אָפּ איר אָרט דעם רע-ליגיעז-ליטורגישן הימן. איר געזעלשאַפֿטלעך-רעליגיעזע ראָלע פֿאַרהיט די קונסט אויך אין די מער אַנטוויקלטע ערדאַרבעטעריש-פֿעאָדאַל-פּריסטערישע געזעלשאַפֿטלעכע אָר-גאַניזאַציעס, ווי אין פֿעאָדאַלן גריכנלאַנד, און אויך אין די געזעלשאַפֿטלעכע פֿאָרמא-ציעס פֿונעם אייראָפּעיִשן מיטלאַלטער.

מיטן איבערגיין פֿון דער מענטשהייט צו די קאַפּיטאַליסטישע פֿאָרמען פֿון גע-זעלשאַפֿטלעכן לעבן ווערט אָפּגעשוואַכט די באַדײַטונג פֿון דער רעליגיע, און צוזאַ-מען דערמיט בײַט זיך די געזעלשאַפֿטלעכע ראָלע פֿון קונסט. דער נײַער קלאַס – די בורזשואַזיע, וואָס האָט זיך באַוויזן אויף דער היסטאָרישער אַרענע, נוצט אויס די קונסט אין איר קאַמף קעגן דעם פֿעאָדאַלן אַדל, פֿאַרוואַנדלט די קונסט אין א מיטל פֿאַר בירגלעכער-פּאָליטישער פּראָפּאַגאַנדע, ווי ביבלאַל פֿאַר פּראָפּאַגאַנדע פֿון די נײַע אידייען (מאָראַלישע און אַנדערע) פֿון דער בורזשואַזיע. אזא איז די בורזשואַזע קונסט אין דער עפּאָכע פֿון דער גרויסער פֿראַנצויזישער רעוואָלוציע. דער באַ-וווּסטער פֿראַנצויזישער קונסטלער פֿונעם 18 יאָרהונדערט דאַוויד האָט אזוי פֿאָרמו-לירט די אויפֿגאַבן פֿון קונסט: „די קונסט דאַרף מיטהעלפֿן דער דערציִונג און דעם גליק פֿון די ברייטע פֿאָלקסשיכטן. זי דאַרף פֿאָרשטעלן פֿאַר די בליקן פֿונעם פֿאָלק די שטריכן פֿון העלדישקייט און בירגערלעכער טוגנט".

עמעס, אַזעלכע קונסט-אָנשוווּנגען האָט די בורזשואַזיע נעהאַט בלויז אין דער עפּאָכע פֿון איר רעוואָלוציאָנערן אויפֿשטײַג, ווען זי האָט געפֿירט דעם קאַמף קעגן דעם פֿעאָדאַליזם פֿאַר נײַע פֿאָרמען פֿון געזעלשאַפֿטלעכן לעבן. אין דער עפּאָכע פֿון איר יעריִדע, איבערגעזעטיקט מיט מאַכט און מיט פֿאַרשיידענע לעבנגענוסן, ליידיקט די בורזשואַזיע אויס די קונסט פֿון איר אידייען-אינהאַלט און פֿאַרוואַנדלט די קונסט אין א לוקסוס-זאַך", אין אזוי גערופֿענער „ריינער קונסט" (אָדער אַנדערש גערעדט אין „קונסט צוליב קונסט") *).

אָבער אויך אין לעצטן פֿאַל, ווען זי ווערט געשאַפֿן בלויז פֿון א הײַפֿל אויסדער-וויילטע, פֿאַרלירט ניט די קונסט איר סאָציאַלע פֿונקציע, נאָר וואָס דען – זי פֿאַרשטע-לערט און פֿאַרפֿיליקט דידאַקטיקע פֿונקציע.

אין דער געזעלשאַפֿט, וואָס איז צעטיילט אויף קלאַסן מיט זייערע שטענדיקע ווי-דערשפּרוכן און קאַמף, ווערט די ליטעראַטור (ווי אויך אַנדערע קונסטן) פֿאַרוואַנדלט אין א מעכטיק מיטל פֿון קלאַסנקאַמף. אויסדריקנדיק די געדאַנקען, געפֿילן און שטרע-

---

*) דער עצם באַגריף „קונסט צוליב קונסט" האָט, עמעס, ניט שטענדיק איינעם און דעמ-זעלבן אינהאַלט און איין און דעמזעלבן זין. זע וועגן דעם פּלעכאַנאָווס אַרטיקל „קונסט און דאָס געזעלשאַפֿטלעכע לעבן" (געז. ווערק, ב. 14).

בוגעם פון דעם אָדער יענעם קלאַס, אָרגאַניזירט די ליטעראַטור די געזעלשאַפטלעכע פסיכיק אין א באַשטימטער ריכטונג, באַהעפט די מיטגלידער פונעם איינעם קלאַס און שטעלט זיי קעגן די פיינטלעכן קלאַסן. א באַזונדערע ראָלע שפּילט די ליטעראַטור אין די רעגט פונעם הערשנדיקן קלאַס, ווייל זי שטעלט פאָר מיט זיך איינס פון די בעסטע פּראָפּאַגאַנדע-מיטלען, וואָס מיט זיין הילף „ביגרט אָן" דער הערשנדיקער קלאַס די אינטערעסן-שוואַכע קלאַסן זייערע אַנשויגונגען און שטרעבונגען און פאַרפעסטיקט אזוי ארום די גרענעצן פון זיין ווירקונג.

די ליטעראַטור פון דער פעאָדאַלער עפּאָכע (די ריטער-ראָמאַנען) האָט געריסט די מידעס פונעם פעאָדאַלן קלאַס, איינגעפלאַנצט אין די לענער אכטונג און ערעפּורכט פאַר די ועסוידעס פון דער פעאָדאַלער געזעלשאַפט. די בורזשואזיע האָט אין איר ליטעראַטור געשילדערט דאָס מושפּאָבעריק-בירגערלעכע לעבן, ווי „די בעסטע פון אַלע מעגלעכע וועלטן" און אזוי ווייטער. יעדער קלאַס שאַפט זיין קונסט, „ווי א באַזונדער מיטל צו אַנטפּלעקן זיין סאָציאַל-עקאָנאָמישן טאָג, ווי א באַזונדער מיטל צו פאַרפעסטיקן זיין קלאַסן-באַוואוסטזיין און מיט דער הילף פון רעוואָלוציאָנער קונסט „ווינער"—אונטערוואַרפן אונטער זיין ווירקונג אויך די אַנדערע קלאַסן, און אזוי ארום פאַרפעסטיקן זיין קלאַסן-הערשאַפט" (וו. פריטשע, „סקיצן וועגן קונסט", פאַרלאַג „נאָוואַיאַ מאָסקוואַ", 1923)

די יידישע קאָלאָסאַלע אָרגאַניזאַטאָרישע ראָלע פון ליטעראַטור און קונסט בכלל האָט אויסגעצייכנט פאַרשטאַנען לענין, וועלכער האָט נאָך אין 1905-טן יאָר גערופן אָרגאַניזירן א ברייטע, אַלזייטיקע, פאַרשידנאַרטיקע ליטעראַרישע אַרבעט, וואָס זאָל זיין ענג און פעסט פאַרבונדן מיט דער אַרבעטער-באַוועגונג" (פון לענינס אַרטיקל „די פּאַרטיי-אָרגאַניזאַציע און פּאַרטייאישע ליטעראַטור", „נאָוואַיאַ זשיזן", 1905, נומ. 12).

ביז איצט האָבן מיר זיך באַמיט צו באַשטימען די געזעלשאַפטלעכע ראָלע און די באַדייטונג פון ליטעראַטור, איר סאָציאַלע פונקציע. אָבער איצט איז קעדיי צו שטעלן א פראַגע: וואָס פאַר אן אינטערעס עס שטעלט מיט זיך פאָר די יידישע סאָציאַלע פונקציע פונעם ספּעציעלן שטאַנדפּונקט פונעם ליטעראַטור-פאָרשער? צי דאַרף ער נעמען אין אכט די יידישע סאָציאַלע פונקציע פון דער ליטעראַטור, און אויב יאָ, אין ווי און צוליב וואָס?

איידער מיר וועלן ענטפערן אף דעם יידישער קאָמפּליצירטער פראַגע, דאַרפן מיר פעסטשטעלן, צי איז די „סאָציאַלע פונקציע" פון דעם אָדער יענעם ליטעראַרישן ווערק, דעם אָדער יענעם שאַפן א שטענדיקע, זיך ניט-ענדערנדיקע זאַך, צי ניט. מיט אַנדערע ווערטער, צי ניטמען אויף אַלע קלאַסן אין אין יעדער עפּאָכע אף איינעם און דעמזעלביקן אופן דאָס שאַפן פון דעם אָדער יענעם שרייבער (ווייל נראָר איינעם באַראַקטער פונעם אתפּנעמען לאָזט זיך ראַך דירעקט שפּירן די „סאָציאַלע פונקציע" פון דער קונסט)?

שעקספּירס (סאָף 16 און אָנהייב 17 יאָרהונדערט) דראַמאַטישע ווערק, לעמאַשל, ניין נאָך ביז איצט ניט אראָפּ פון דער בינע. אָבער עס זיינען געווען צייטן, ווען די ענגלישע און פראַנצויזישע אַריסטאָקראַטיע האָט אויסגעלאַכט שעקספּירן, געהאַלטן אים פאַר א „שיכורן ווילדמענטש". די באַציונג צום שרייבער בייט זיך, בא פאַרשיידענע קלאַסן און פאַרשיידענע צייטן איז זי פאַרשיידן. וואָס הייסט דאָס? דאָס הייסט, אז די סאָציאַלע פונקציע פונעם ווערק, זיין געזעלשאַפטלעכע ראָלע איז ניט קיין שטענדיקע זאַך. זי ענדערט זיך אין דער צייט און אין פאַרשיידענע געזעלשאַפטלעכע מיטוועס. וועלכע נעמען אויף דאָס געגעבענע ווערק.

דאָס קומט פאָר דערפאַר, ווייל פאַרשיידענע קלאַסן האָבן אין פאַרשיידענע צייטן זייערע אייגענע ליטעראַרישע באַגריפן און פאָדערונגען, אָדער ווי מע זאָגט, זייער

איטלעכעם „ליטעראַרישן געשמאַק“. דיעלעקטישער ליטעראַרישער געשמאַק בײַט זיך ניט לויטן אײַנפֿאַל אָדער קאַפּריז פֿונעם לײענער, זײַנע ענדערונגען זײַנען ניט קײן צופֿעליקע; דער געשמאַק האָט אויך זײַן סאָציאָלאָגיע, ד. ה. ער דערקלערט זיך אויך, ווי אַלע אידעאָלאָגישע דערשײַנונגען, מיט געזעלשאַפֿטלעכע און קלאַסן־סיבעס. אָבער פֿאַר אונדז איז וויכטיק, אַז ווי ס׳זאָל זיך ניט ענדערן דער ליטעראַרישער געשמאַק און דאָס הײַסט, ווי עס זאָל זיך ניט ענדערן די באַציִונג פֿון די לײענער צו דעם אָדער יענעם ווערק, צו דעם אָדער יענעם שרײַבער, איז אָבער דאָס ווערק גופֿא, דער שרײַבער גופֿא הערן ניט אויף צו זײַן דאָס, וואָס זײ זײַנען. ס׳ענדערט זיך ווײַטער סאָציאַלע באַדײַטונג, ווײַטער סאָציאַלע ראָלע פֿאַרן געגעבענעם קלאַס און דער געגעבענער עפּאָכע, אָבער זײער אײגענע סאָציאַלע נאַטור, זײער אײגענער סאָציאַלער אינהאַלט בלײַבן ניט געענדערט (אָדער, ווי מע זאָגט, זײ האָבן אַן אָ ב י ע ק ט י װ ן כאַראַקטער). אַט גראָד טאַקע דערפֿאַר ענדערט זיך דאָס א ו י פֿ נ ע מ ע ן, ווײַל ס׳ענדערט זיך דאָס, וואָס נעמט אויף, און ניט דאָס, וואָס עס ווערט אויפֿגענומען, דאָס הײסט, עס ענדערט זיך דער לײענער, דער צושויער, אָבער דאָס ווערק גופֿא בלײַבט אַזאַ, ווי עס איז געווען, בלײַבט דאָס, וואָס עס איז. נאָך מער. דער עצם אונטערשײד פֿון די אויפֿנעמונגען, דער אונטערשײד פֿון דער סאָציאַלער פֿונקציע ווערט באַשטימט און לעצטן סך־הכּל מיט דער נ י ט פֿ אַ ר ע נ ד ע ר ל ע כ ע ר סאָציאַלער נאַטור פֿונעם ווערק, וואָס דאָס רופֿט טאַקע אַרויס פֿ אַ ר ש י ד ע נ ע רעאַקציעס בײַ פֿאַרשידענע קלאַסן און פֿאַרשידענע עפּאָכעס.

וואָס זשע פֿאַר אַן אויספֿירן דאַרף מאַכן דער ליטעראַטור־פֿאָרשער? פֿריִער פֿאַר אַלץ דאַרף ער ניט אונטערפֿאַלן אונטער קײן באַזונדערע לײענערישע אָפּשאַצונגען. ער דאַרף אין זײַן אַנאַליז פֿאַרהיטן די היסטאָרישקײט און באַם באַשטימען די סאָציאַלע נאַטור פֿון דעם אָדער יענעם שאַפֿן אַרויסגײן דערוּקער אין היפּשערבלעך פֿון יענע היסטאָרישע באַדינגונגען, אין וועלכע עס איז אויפֿגעוואַקסן און עס האָט זיך אַנטוויקלט דאָס געגעבענע שאַפֿן. אָבער אויך צו קאָנטראָלירן זײַן אַנאַליז דאַרף ער אַלעמאָל צוציִען אַלס אידעען־מאַטעריאַל די פֿאַרשידן־קלאַסאָווע אָפּשאַצונגען וועגן דעם געגעבענעם שאַפֿן; נאָך אַ קענטעניקן פֿאַרהער פֿון די דאָזיקע אָפּשאַצונגען וועט ער קאָנען קומען צו ווײַטער וויכטיקע אויספֿירן. די דאָזיקע פֿאַרשידן־קלאַסאָווע אָפּשאַצונגען זײַנען, אַזוי צו זאָגן, דער רעאַקטיוו. לויט די אָדער יענע רעאַקציעס, וואָס דאָס געגעבענע שאַפֿן האָט אַרויסגערופֿן בײַ פֿאַרשידענע קלאַסן, קאָנען מיר פֿעסטשטעלן, רעקאָנסטרוּירן די אָדער יענע שטריכן פֿון דעם דאָזיק שאַפֿן און די אַזוי אַרום געקראָגענע רעזולטאַטן פֿאַרגלײַכן מיט די רעזולטאַטן, וואָס זײַנען באַקומען געוואָרן דורך דירעקטן אַנאַליז.

אָבער דאָס איז וויניק. דאָס אַלץ איז בלויז איין שטאַנדפּונקט פֿון וועלכן דער ליטעראַטור־פֿאָרשער נוצט אויס די באַדײַטונג פֿון דער סאָציאַלער פֿונקציע פֿאַר זײַן אַנאַליז. פֿיל וויכטיקער איז דער מאָמענט, ווען דער ליטעראַטור־פֿאָרשער באַרירט זיך אַלײן אומיטלבאַר מיט דער פּראָבלעם פֿון דער סאָציאַלער פֿונקציע, ווען ער נעמט אַלײן צו דירעקט צו באַשטימען די געזעלשאַפֿטלעכע באַדײַטונג פֿונעם געפֿאָרשטן שאַפֿן. אײנער פֿון די גרונטשטריכן פֿון מאַרקסיזם בכלל און פֿונעם מאַרקסיזם אין ליטעראַטור־קענטעניש בפֿרט באַשטײט דאָך דערין, וואָס פֿאַרהיטנדיק די היסטאָרישע אָביעקטיווקײט, גײט דער מאַרקסיזם צו צו אַלע דערשײַנונגען פֿון דעם סוביעקטיוון שטאַנדפּונקט פֿון אַ באַשטימטן קלאַס, דעהײַנט — פֿונעם פּראָלעטאַריאַט, פֿונעם שטאַנדפּונקט פֿון זײַנע אויפֿגאַבן און אינטערעסן אין געגעבענעם מאָמענט. און נעבנדיק דעם אַנאַליז פֿון דעם אָדער יענעם ליטעראַרישן שאַפֿן, קאָן ניט דער מאַרקסיסט — דער ליטעראַטור־פֿאָרשער אויסמײַדן די פֿראַגע וועגן דער סאָציאַלער באַדײַטונג פֿונעם געגעבענעם שאַפֿן פֿאַר אונדז, פֿאַרן פּראָלעטאַריאַט אַ געגעבענעם שטאָף פֿון זײַן

קאַמף און בויונג. מאַקסימאַלע אָביעקטיווקייט אין פאָרשן און מאַקסימאַלע סאַביעקטיווקייט אין אָפּשאַצן, פונעם שטאַנדפּונקט פונעם פּראָלעטאַריאַט,—דערין איז נישטאָ קיין שום ווידערשפּרוך, דאָ ליגט דער גרונט-זין און דער אינהאַלט פונעם דיאַלעקטישן מאַטעריאַליזם. דער פּראָלעטאַריאַט איז פּונקט אַזוי סאַביעקטיוו אין זײַן וויסנשאַפט, ווי אַלע אַנדערע קלאַסן, אָבער זײַנע סאַביעקטיווע אינטערעסן, ווי דאָס האָבן דערוויזן די גרונט-לייגער פונעם מאַרקסיזם, געפינען זיך נישט אין קיין ווידערשפּרוך מיט דער אַנטוויקלונג פון דער רעאַלער ווירקלעכקייט; די רעאַלע ווירקלעכקייט איז אַזוי ווי אָפן צד פונעם פּראָלעטאַריאַט, גיסט וואַסער אַף זײַנע מיל-רעדער. אָט פאַרוואָס דער פּראָלעטאַריאַט האָט די מעגלעכקייט צו באַהעפטן אין זײַן וויסנשאַפט די מאַקסימאַלע אָביעקטיווקייט און די מאַקסימאַלע סאַביעקטיווקייט. און גראָד אין דעם זינען דאַרף מען פאַרשטיין פּלעכאַנאָווס באַהויפּטונג וועגן דעם, אַז וויסנשאַפטלעכע ליטעראַטור-קריטיק איז גלײַכצײַטיק פּובליציסטישע קריטיק, און נאָך שאַרפער: „... אָ ב י ע ק ט י װ ע קריטיק... ווײַזט זיך אַרויס פאַר פּ ו ב ל י צ י ס ט י ש ע ר טאַקע אַף אַזוי פיל, אַף וויפל זי איז עכט-וויסנשאַפטלעך" (פּלעכאַנאָוו, געזאַמלטע ווערק, ב. 10, זײַט 192).

און גראָד אַזוי איז לענין צוגעגאַנגען צו טאָלסטאָיס שאַפן. ער האָט פאַרוואָרפן יענע, וועלכע האָבן אין טאָלסטאָיס שאַפן געזען בלויז דאָס, „וואָס געהערט אין אים דער פאַרגאַנגענהייט און נישט דער צוקונפט", און ער האָט פון זײַן זײַט זיך געשטאַרעט פעסטשטעלן אין טאָלסטאָיס ריזיקער ליטעראַרישער ירושה גראָד דאָס „קינפטיקע", דאָס, וואָס איז טײַער און נייטיק דעם פּראָלעטאַריאַט. אַף לענינס וועג דאַרף גיין אויך די מאַרקסיסטישע ליטעראַטור-קענטעניש, באַהעפטן אין דעם זין איר טעאָרעטישע אַרבעט מיט דער אומיטלבאַרער פּראַקטיק פון די אַקטועלע אויפגאַבן און פאָדערונגען פון דעם קלאַס, וועלכן זי איז באַרופן צו דינען, און אַזוי אַרום זיך באַטייליקן אין דער אַלגעמיינער בויונג און אין דעם אַלגעמיינעם קאַמף פונעם פּראָלעטאַריאַט.

## צווייטער קאַפּיטל.

# קינסטלער און קלאַס.

ווען מיר האָבן פאַר זיך דאָס שאַפן פון אַ געוויסן שרײַבער, אין זײַן קאָנקרעטקייט און אומיטלבאַרקייט, איז עס אַן אינדיווידועלע שאַפן פון איין שרײַבער, טאַקע פונעם געגעבענעם שרײַבער, און נישט פון אַ וועלכן עס איז אַנדערן. אין דעם געגעבענעם שאַפן האָט פריער פאַר אַלץ געפונען זײַן באַזונדערן, אינדיווידועלן אויסדריק אַ באַזונדערער אינדיווידועלער קינסטלער. אָבער ווי יעדע אַנדערע וויסנשאַפט שטרעבט אויך די ליטעראַטור-קענטעניש הינטער דעם אינדיווידועלן, באַזונדערן געפינען, דעפינירן (פעסטשטעלן) דאָס אַ ל ג ע מ ײ נ ע, וואָס אַנטפּלעקט זיך, וואָס געפינט זײַן אויסדריק אין דעם געגעבענעם אינדיווידועלן. אין יעדן געגעבענעם שאַפן אַנטפּלעקט זיך פריער פאַר אַלץ דער אינדיווידועלער קינסטלערישער באַוווּסטזײַן פונעם אויטאָר, פונעם שרײַבער אָבער יעדער אינדיווידועלער באַוווּסטזײַן איז בלויז אַ באַזונדערער, אַן איינצלנער אויסדריק פונעם אַלגעמיינעם, ד. ה. געזעלשאַפטלעכן באַוווּסטזײַן. און אין דער קלאַסן-געזעלשאַפט איז דער געזעלשאַפטלעכער באַוווּסט-

זיין ניט עפּעס אַן איינהייטלעכע זאַך, ער דיפערענצירט זיך (אונטערשיידט זיך) לויט די פאַרשיידענע קלאַסן, וועלכע בילדן די געגעבענע געזעלשאַפט. הייסט עס, אַז די אויפגאַבע פונעם פאָרשער—ליטעראַטור־קריטיקער איז דורך פאַרגלייכן און קעגנשטעלן דאָס געגעבענע שאַפן מיטן שאַפן פון אַנדערע שרייבער, דורך שטודירן דעם גאַנצן ליטעראַטור־פּראָצעס צוזאַמען גענומען, באַשטימען די קלאַסן־נאַטור פונעם געגעבענעם שאַפן און זיין אָרט אינעם אַלגעמיינעם ליטעראַרישן פּראָצעס.

קינסטלערישע שאַפונג איז אידעאָלאָגיע איז איינע פון די פאָרמען פונעם געזעלשאַפטלעכן באַוווסטזיין. דער געזעלשאַפטלעכער באַוווסטזיין איז געווענדעט אויף דערקענען, אויף באַנעמען די וועלט און די גאַנצע אַרומיקע (סאָציאַלע) ווירקלעכקייט. אין קינסטלערישן שאַפן איז דער דערקענער דער קינסטלער און דאָס, וואָס עס ווערט דערקענט, די גאַנצע ווירקלעכקייט; מיט אַנדערע ווערטער, דער קינסטלער איז דער סוביעקט פון דערקענטעניש, די ווירקלעכקייט איז איר אָביעקט, וואָס זשע פאַר א פאַרבינדונג עקזיסטירט צווישן דעם סוביעקט, און דעם אָביעקט פון דערקענטעניש?

די אידעאַליסטישע פילאָזאָפיע, ווען זי פלעגט צוגיין צו לייזן די דאָזיקע פראַגע, פלעגט זי אינגאַנצן אָפּרייסן דעם סוביעקט פונעם אָביעקט, אָפּרייסן דאָס דענקען פונעם זיין, וואָס ווערט דערקענט. דער דערקענענדיקער סוביעקט, ד. ה. דער מענטש, שטייט, לויט דער לערע פון די אידעאַליסטן, קעגן דעם דערקענטעניש־אָביעקט, שטייט קעגן דעם זיין, דער ווירקלעכקייט, ווי עפּעס אַן אַבסאָלוט אָפּגעזונדערטע, וועלט־שטענדיקע זאַך. דער מאַרקסיזם, פאַרקערט, באַהויפּט, אַז דער סוביעקט פון דערקענטעניש, ד. ה. דער דערקענענדיקער מענטש איז אַליין אַן אויסגעבוירט, אַליין א טייל פון דעם זיין, פון דער ווירקלעכקייט, וואָס ער דערקענט. ריידנדיק מיט פלעכאַנאָווס ווערטער איז דער סוביעקט אַליין איינער פון די באַשטאַנד־טיילן פון דער אָביעקטיווער וועלט” (פלעכאַנאָוו, ווערק, ב. 17, זייט 43). אַפילו דענקען קאָן ער דאָך טאַקע דערפאַר, ווייל ער איז אויך א באַשטימטן אופן אָרגאַניזירטער נאַטור־קערפּער, א טייל פון דער נאַטור; און דענקען דענקט ער אַזוי און ניט אַנדערש דערפאַר, ווייל ער איז אינגאַנצן מיט זיינע פאָרשטעלונג און אויפנאַמונגען איז אַן אויסגעבוירט, א פּראָדוקט פון א באַשטימטער סאָציאַלער ווירקלעכקייט, ד. ה. ער איז א טייל פון א באַשטימטער געזעלשאַפטלעכער סיסטעם. מיט אַנדערע ווערטער, דער סוביעקט פון דערקענטעניש, ד. ה. דער דערקענענדיקער מענטש, איז ניט נאָר א סוביעקט, וועלכער שטייט קעגן דעם אָביעקט פון דערקענטעניש (ד. ה. דער ווירקלעכקייט, וואָס ווערט דערקענט), נאָר ער איז אין איינער און דערזעלבער צייט סיי א דערקענענדיקער סוביעקט, סיי אַן אָביעקט, וועלכער געפינט זיך אונטער דער ווירקונג פון דער ווירקלעכקייט, אָדער ווי מע זאָגט, ער איז א סוביעקט־אָביעקט. דערביי איז, ווי עס באַהויפּט דער מאַרקסיזם, די דערקענטעניש אַליין ניט קיין פּאַסיווע אָפּגעזונדערטע ספּעקולאַציע (באַטראַכטונג) פון דער ווירקלעכקייט, נאָר זי ווערט דערגרייכט אין דער פּראַקטישער געזעלשאַפטלעכער טעטיקייט פונעם מענטשן. דער מענטש דערקענט די וועלט, אויפווירקנדיק אויף דער וועלט, און אויפווירקנדיק אויף דער וועלט ענדערט ער אין דערזעלבער צייט, לויט מאַרקס ווערטער, זיין אייגענע נאַטור, ווייל די אַרבעט־געצייגן, וואָס דער מענטש געברויכט און זיין געזעלשאַפטלעכער פּראָדוציר־טעטיקייט זיינען לויט מאַרקס ווערטער ווי „אַן אָרגאַן, וועלכן ער גיט צו צו די אָרגאַנען פון זיין קערפּער, און פאַרלענגערט אַזוי אַרום, אין קעגנזאַץ צו דער ביבל, דעם קערפּערס נאַטירלעכע גרייס”. דער באַוווסטזיין פונעם געזעלשאַפטלעכן מענטשן, זיין פאָרשטעלונג־אופן ענדערט זיך צוזאַמען מיט דער ענדערונג פון זיין „פּראָדוציר־אופן”.

אָט אין וואָס פאַר א באַטייט מע דאַרף פאַרשטיין דעם אויסדרוק „סוביעקט־

אָביעקט". אין יעדן אַקט פֿון געזעלשאַפֿטלעכן באַוווּסטזײַן, אין יעטווידער פֿאָרם זײַנער (און אַזוי אַרום אויך אין דער קינסטלערישער) עקזיסטירט צווישן דעם דערקענענדיקן־סובּיעקט און דעם אָביעקט אַ געוויסע אײַנהייט, געגליכקייט, געזעצלעכקייט, נאָר טאַקע אַ אײַנהייט, וועלכע פֿאַרבינדט דעם סובּיעקט און דעם אָביעקט מיט אַ באַשטימטער געמיינזאַמקייט. פּאַשעטער געזאָגט, דער מענטש אַלס דערקענענדיקער סובּיעקט איז אַ קלאַסן־סובּיעקט, ד. ה. אַ טייל פֿון אַ באַשטימטן קלאַס, פֿון אַ באַשטימטן געזעלשאַפֿטלעכן וועזן, הייסט עס, אַז דער אינהאַלט פֿון זײַן געזעלשאַפֿטלעכן באַוווּסטזײַן איז די באַגרענעצטע ווירקלעכקייט, איבערגעבראָכן פֿונעם שטאַנדפּונקט און אין דער מאַטעריאַלער פּראַקטיק פֿון אַ באַשטימטן געגעבענעם קלאַס. איין קלאַס באַנעמט די ווירקלעכקייט אויף איין אופֿן, אַ צווייטער קלאַס—אויף אַן אַנדערן.

מיר רעדן די גאַנצע צײַט וועגן געזעלשאַפֿטלעכן באַוווּסטזײַן בכלל, אָבער דאָס אַלץ באַציט זיך אין גאַנצן צו אַלע אידעאָלאָגיעס, צו אַלע פֿאָרמען פֿון געזעלשאַפֿטלעכן באַוווּסטזײַן, ד. ה. אויך צו דער קינסטלערישער פֿאָרם, צו דער ליטעראַטור בפֿרט. הייסט עס, אַז ווען מיר גייען צו צו דעם אָדער יענעם שאַפֿן, האָבן מיר ניט מיינען נאַיוו, אַז דאָס, וואָס דער קינסטלער שילדערט, איז שטענדיק עפּעס אַ ריכטיקער, פּינקטלעכער אָפּבילד פֿון דער ווירקלעכקייט. אַזאַ שטאַנדפּונקט איז דער שטאַנדפּונקט פֿונעם נאַיוון רעאַליזם, וואָס נעמט אויף אַלץ פֿאַר אַן עמעס. ווען טאָלסטאָי, אַ ששיטער, מאָלט דעם פּויער, איז דאָס, פֿאַרשטייט זיך, קאַראַטאַיעוו ניט דער פּויער, וועלכן ס׳וואָלט געמאָלט אין זײַן שאַפֿן אַ פּויערישער קינסטלער. יעדער קלאַס באַנעמט אין זײַן קינסטלערישן שאַפֿן די אָביעקטיווע ווירקלעכקייט אַזוי, ווי דאָס האָט דיקטירט און זאָגט אים אונטער זײַן אייגענע קלאַסן־נאַטור; ער שאַפֿט אַזוי ווי עפּעס אַ באַזונדערע קינסטלערישע ווירקלעכקייט, שטענדיק „לויט זײַן אייגן בילד און געשטאַלט".

יעדער קלאַס שטעלט, ווי מיר האָבן געזען, זײַנע געוויסע גרענעצן, זײַנע באַשטימטע ראַמען פֿאַר דער ווירקלעכקייט, וואָס דער קלאַסן־סובּיעקט איז אימשטאַנד קינסטלעריש אויפֿצונעמען און איבערצוגעבן. אָבער צי הייסט דאָס, אַז דער קלאַס קען ניט אין באַשטימטע באַדינגונגען ברייט און פֿול דערקענען די אָביעקטיווע ווירקלעכקייט? אייניקע פֿאָרשער, וועלכע רופֿן זיך מאַרקסיסטן, האַלטן, אַז דער קינסטלער בלײַבט שטענדיק און אַלעמאָל אין עפּעס אַ „קישעף־קרײַז" פֿון געשטאַלטן, און פֿון דעם קרײַז קען ער בשום אופֿן ניט אַרויסגיין, קען אים ניט באַקומען. וווהין ער זאָל זיך ניט ווענדן, איז אויף שריט און טריט פֿאַרפֿאָלגן אים איין מאָל פֿאַר אַלע מאָל די געשטאַלטן, וואָס זײַנען באַגרענעצט מיט זײַן קלאַסן־קרײַז און פֿאַרפֿילן קאָמפּליצירטער זײַן שאַפֿונג *).

אָבער אַזוי פֿאָרשטעלן זיך דעם ליטעראַטור־פּראָצעס הייסט אין טאָך מיינען, אַז קלאַסן לעבן אינגאַנצן איזאָלירט איינער פֿונעם אַנדערן, אַז זייער קלאַסן־זײַן איז אַבסאָלוט אָפּגעזונדערט פֿונעם גאַנצן געזעלשאַפֿטלעכן זײַן מיט אַ פֿעסטער „כינעזישער"

*) גראַד אַזעלכע געדאַנקען זאָגט אַרויס וו. פּ. פּערעווערזעוו, וועמען עס געהערט אויך דער אויסדרוק וועגן דעם „קישעף־קרײַז" פֿון געשטאַלטן. פּערעווערזעוו פֿאַרטיידיקט די טעאָריע וועגן „איבערקליידונג" פֿון געשטאַלטן, לויט וועלכער טעאָריע דער שרײַבער טוט איבער, „קליידט איבער" זײַנע העלדן שטענדיק אין איינע און דיזעלבע, פֿאַר זײַן קלאַס אייגנשאַפֿטלעכע קליידער. אויב דאָסטאָיעווסקי צום בײַשפּיל, איז לויט פּערעווערזעווס מיינונג אַ „יעכידישער קליינבירגער" (מעשטשאַנין), זײַנען „יעכידישע קליינבירגער" אויך אַלע זײַנע העלדן (זע וו. פּ. פּערעווערזעווס באַוווּסט בוך „דאָסטאָיעווסקיס שאַפֿן").

וואגט. אין דער עמעס איז דאס ניט אזוי. קלאסן לעבן אין שטענדיקן פארקער איינער מיטן צווייטן, פיינטלעך קעמפנדיק א פארעקשנטן קלאסנקאמף (אדער „צוזאמענ-שלאגנדיק" זיך אפן באדן פון געמיינזאמע אינטערעסן, ווי, לעמאשל, אינעם בונד פון די ארבעטער און פויערים אין די באדינגונגען פון דער דיקטאטור פונעם פראלע-טאריאט). אט פאר וואס ניט געקוקט אף די „מניעצן", וואס זײַנען פאראן פארן קלאס, האט א קלאס אין באשטימטע היסטארישע באדינגונגען די מעגלעכקייט קינסטלעריש ברייט צו באנעמען די ארומיקע סאציאלע ווירקלעכקייט. יעדן קלאס איז אין יעדער עפאכע געגעבן, אזוי צו זאגן, א באשטימטע „מאס" קענטעניש, א מאס פון באנעמען די גאנצע ווירקלעכקייט, דעם גאנצן זײַן. די דאזיקע „מאס" איז בא פארשיידענע קלאסן און אין פארשיידענע עפאכעס פארשיידן, און איז אפהענגיק פון דער ראלע פו-נעם קלאס און פון זײַן לאגע אינעם אלגעמיינעם פראדוקציע-פראצעס. דערבײַ איז די-דאזיקע „מאס" ניט געגעבן איינמאל פאר אלע מאל, זי ענדערט זיך אין דער אדער ענער ריכטונג אין צוזאמענהאנג מיט דער ענדערונג אין דער לאגע פונעם געגעבענעם קלאס. זי איז פונקט אזא פליסיקע, פונקט אזא דיאלעקטיש-באוועגלעכע, ווי פליסיק און דיאלעקטיש-באוועגלעך עס איז דער היסטארישער פראצעס אינגאנצן גענומען.

אבער קוים איז די „מאס" באוווסטזײַן (יעדער באוווסטזײַן, ד. ה. אויך געשטאלט-לעך-קינסטלערישער) פאר פארשיידענע קלאסן און פארשיידענע עפאכעס פארשיידן, הייסט דאס, אז א קלאס קען אין פארשיידענע עפאכעס שטיין ווײַטער אדער נעענטער צום ריכטיקן פארשטיין, צום אביעקטיוון (קינסטלערישן) באנעמען די ווירקלעכקייט. מיט אנדערע ווערטער, מע קען רעדן אין א באשטימטן זין וועגן א ב י ע ק ט י ו ו י ט ע ט (וועגן גראד אביעקטיוויטעט) פון קינסטלערישן שאפן אף באשטימטע שטאפלען פון קלאסן-אנטוויקלונג. *).

וועלכע זשע קלאסן איז געגעבן, וועלכע קלאסן זײַנען אימשטאנד זיך אויפצוהייבן צו אביעקטיוון קינסטלערישן באנעמען די ווירקלעכקייט? יענע קלאסן קענען זיך אויפ-הייבן צו קינסטלערישער אביעקטיוויטעט, וועמען די סאציאלע ווירקלעכקייט דערלויבט צו קוקן ארום זיך מיט ברייט-צעעפנטע אויגן; יענע קלאסן, וועלכע זײַנען אין געגעבענעם מאמענט טראגער בא טראט מיט דער זיך אנטוויקלענדיקער ווירקלעכקייט. אזא קלאס איז לעמאשל, געווען די בורזשואזיע אין דער עפאכע פון איר אויפשטײַג און בליונג, ווען עס האט זיך פאר איר געעפנט נאך די דערגרייכטע ניצחונות א ברייטע צו-קונפט. זי האט טאקע געהאט אויסגעצייכנטע רעאליסטן פון איר סאמע קינסטלער, וועלכע האבן ניט מורא געהאט צו קוקן דער ווירקלעכקייט אין די אויגן, וועלכע האבן זיך גרינטלעך אײַנגעקוקט אין דער ארומיקער ווירקלעכקייט און זיך געפרואווט באווײַזן און קינסטלעריש אויסדריקן די גאנצע פילקייט פונעם געזעלשאפטלעכן לעבן.

אָ וואס פלעכאנאוו האט געשריבן וועגן באלזאקס שאפן: „... באלזאק האט פיל אויפגעטאן אף דערקלערן די פסיכאלאגיע פון די פ א ר ש י י ד ע נ ע (מיט אונטער-שטרייכונג. א. ג.) קלאסן אין דער געזעלשאפט פון זײַן צײַט" („צו דער פראגע וועגן דער אנטוויקלונג א.א.וו."... 2-טע אויפלאגע, ס.פ.ב., 1905, זײַטן 192-193): פלעכאנאוו אנערקענט, הייסט עס, אין געוויסע פאלן, אז פארן קינסטלער איז צוטריטלעך די פסי-כאלאגיע פון פ א ר ש י י ד ע נ ע קלאסן. דערזעלבער פלעכאנאוו, וועלכער האט געהאלטן פושקינען פארן דיכטער פונעם רוסישן אדל, האט דאך געשריבן: „פושקינס דיכטונג

*) מע דארף ניט צונויפמישן די פראבלעם וועגן א ב י ע ק ט י ו ו י ט ע ט פונעם קינסטלע-רישן שאפן ד. ה. זײַן אנטשפרעכן דער ווירקלעכקייט, מיטן אזויגערופענעם ר ע א ל י ז ם, אלס קינסטלערישע ריכטונג.

איז געווען פריער יעטווידער טרוימערישקייט, די איז געווען ניכטער, ווי האט גע-שילדערט בלויז די ווירקלעכקייט" (פלעכאנאוו, „וו. ג. בעלינסקים ליט. אנשויונגען", ווערק, ב. 10, זייט 303,—מיין אונטערשטרייכונג. א. ג.). דאס הייסט ווי-דערהאמאל, אז די ניכטערקייט, וואס איז געווען איינגעשאפטלעך פושקינען און זיין קלאס, האט געגעבן דעם דיכטער די מעגלעכקייט צו זען און צו שילדערן „בלויז די ווירק-לעכקייט".

מע וואלט געקאנט אנרופן נאך און נאך אזעלכע קינסטלער פון א גרויסער „מאס", פון גרויסן ווייסן און שילדערן די ווירקלעכקייט. די ווערק פון אזעלכע קינסטלער האבן א קאלאסאלע דערקענטעניש-ווערט, זייענדיק א מעכטיק געווער אף דערקענען און באנעמען די ווירקלעכקייט. אבער מיר האבן ביז איצט גערעדט אלץ וועגן קינסטלער, וועלכע האבן באוויזן א גרויסע „מאס" קינסטלערישן ווייסן אין שילדערן די ווירק-לעכקייט. בא דערזעלבן פלעכאנאוון געפינען מיר אבער אויך פארקערטע ביישפילן. פלעכאנאוו שטעלט קעגן שעקספירן איבסענען און זאגט: „... זיינע (איבסענס) דראמען וואלטן ניט געקאנט דערגרייכן די הייכן פון שעקספירס דראמען אפילע אין דעם פאל, ווען ער זאל באוויזן די קאלאסאלע קראפט פון שעקספירס טאלאנט" (פלעכאנאוו, „הענריק איבסען", ווערק, ב. 14, זייט 193). דאס איז דערפאר, ווייל די „מאס" פון באנעמען די ווירקלעכקייט איז פאר איבסענען געווען באגרענעצט מיט די סאציאלע באדינגונגען פון זיין קלאס און זיין עפאכע. „דער טיפסטער טראגיזם פון איבסענס לאגע,—האט געשריבן פלעכאנאוו,—באשטייט אין דעם, וואס דערהאדוקער, לויט זיין כאראקטער, אמהעכסטנס נאנצער מענטש, וועלכער האט מער פאר אלץ געהאלטן טייער קאנסעקווענטקייט, איז פארגרטיילט געווען זיך אייביק צו פלאנטערן אין ווידער-שפרוכן" (דארט, זייט 222). און אנדעריש האט ניט געקאנט זיין, ווייל דאס געזעל-שאפטלעכע לעבן, וואס האט געפירן איבסענען, האט ניט איינגעשלאסן אין זיך, האט נאך ניט אויסגעארבעט פון זיך אליין יענע טיטיקע פארהאנאבעס, וועלכע וואלן געבן איבסענען די מעגלעכקייט צו לייזן די פראבלעמען, וואס ער האט אויפגעשטעלט, ד. ה. פארשטיין דעם זין פון דער ארומיקער ווירקלעכקייט.

אין דער איצטיקער סטאדיע פון דער בורזשואזער געזעלשאפט איז דער פראָ-לעטאריאט דער קלאס, וועלכער באוויזט די גרעסטע „מאס" באוווסטזיין פאר דער ווירקלעכקייט, מיר האבן שוין גערעדט אין ערשטן קאפיטל וועגן דעם, אז דער סוב-יעקטיווער באוווסטזיין פונעם פראלעטאריאט איז אין די איצטיקע באדינגונגען אביעקטיווער ווייסן. און פונקט אזוי, ווי אין געביט פון פילאזאפיע און וויסנשאפט האט דער פראלעטאריאט אויסגעארבעט און אויסגעשליפט זיין אייגענעם מעטאד פון דיאלעקטישן מאטעריאליזם, וועלכער דערלויבט אים, דעם פראלעטאריאט, זיך דער-שלאגן מאקסימאלע אביעקטיווקייט פון וויסן, פונקט אזוי אויך אין דער ליטעראטור שטייט ער אפן וועג צו אויסארבעטן דעם אנטשפרעכיקן קינסטלערישן מעטאד, וועלכער וועט אים ברענגען צו דער מאקסימאלער אביעקטיווקייט אין קינסטלע-רישן שאפן.

אזוי ארום זעען מיר, אז פארשיידענע קלאסן אין פארשיידענע עפאכעס דערגרייכן אין זייער קינסטלערישן שאפן א פארשיידענעם גראד אביעקטיווקייט. די „מאס" פון דערהאדוקער אביעקטיווקייט איז א גרעסערע אדער א קלענערע. יעדער קלאס אין יעדער עפאכע האט אין דער הינזיכט זיינע גרענעצן, אבער דיזאזיקע גרענעצן זיינען ניט קיין פעסטע בינעווישע וואנט, וועלכע גרענעצט אפ דעם קלאס פון דער גאנצער וועלט פון אלע אנדערע קלאסן; און פון דער צווישער זייט בלייבן ניט

די דאָזיקע גרענעצן אַבסאָלוט אומבאַווועגלעך. יעדער קלאַס האָט זײַנע ג ר ע נ ע צ ן, אָבער ער האָט אויך זײַנע פּ ע ר ס פּ ע ק ט י ו ו ן.

ווען אַ מאַרקסיסט רעדט וועגן דער דעטערמינירטקייט פון געזעלשאַפטלעכע דערשײַנונגען, וועגן זייער סאָציאַלער באַדינגטקייט, וועגן זייער אומאויסבלײַבלעכקייט, רעדט ער וועגן דעם ניט ווי וועגן עפּעס אַ פאַטום (גורל), וועלכן מע קען אין קיין פאַל ניט אויסמײַדן און קעגן וועלכן מע קען ניט גיין. אַזוי טראַכטן ניט מאַרקסיסטן, אַזוי טראַכטן ווילנלאָזע, פּאַסיווע פאַטאַליסטן. דער מאַרקסיסט ווייסט, אַז געזעלשאַפטלעכע דערשײַנונגען האָבן זייערע סיבות, אַז זיי אַנטשטייען ניט צופעליק, אַז אין געזעלשאַפטלעכן לעבן הערשט אַ באַשטימטע געזעצמעסיקייט, אָבער צו דערזעלבער צײַט ווייסט ער, אַז דער מענטשלעכער ווילן, די מענטשלעכע ט אַ ט שפּילן אַ קאָלאָסאַלע ראָלע אין דער היסטאָרישער אַנטוויקלונג. פאַרשטייט זיך, אַז אין דער געזעלשאַפטלעכער ווירקלעכקייט דאַרפן זײַן באַשטימטע באַדינגונגען, באַשטימטע פאָרהאַנאָבעס, אַז עס זאָלן אָנקומען די אָדער יענע ע נ ד ע ר ו נ ג ע ן אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. אָן אַזעלכע באַדינגונגען, אָן אַזעלכע פאָרהאַנאָבעס איז ניט מעגלעך קיין שום רעוואָלוציע אינעם געזעלשאַפטלעכן לעבן. אָבער צי דען קומט אַ רעוואָלוציע אַליין? אַ רעוואָלוציע דאַרף מען מאַכן. די פאַראַנענע פאָרהאַנאָבעס דאַרף מען רעאַליזירן, דאַרף מען פאַרוואַנדלען אין פלייש און בלוט. און דאָס דאָזיקע ווערט פאַרווירקלעכט שטענדיק דורך מענטשלעכן ווילן, דורך מענטשלעכן ט אַ ט. אָט פאַרוואָס דער מאַרקסיזם־לעניניזם צייכנט זיך אויס מיט זײַן שטענדיקער אַ ק ט י ו ו ק י י ט, מיט דער שטענדיקער שטרעבונג צו ענדערונג, צו איבערמאַכונג, צו בויונג. אין דעם באַשטייט דאָך דער זין פון מאַרקסעס באַרימטער פאָרמולע וועגן דעם, אַז די וועלט דאַרף מען ניט נאָר דערקלערן, נאָר מע דאַרף זי איבערמאַכן, אַז מע דאַרף זי ע נ ד ע ר ן.

אין די איצטיקע באַדינגונגען פון דיקטאַטור פונעם פּראָלעטאַריאַט באַ אונדז אין ראַטנלאַנד איז דער פּראָלעטאַריאַט דער מעכטיקער קלאַס, וועלכער בויט איבער ניט נאָר זײַן אייגן לעבן, נאָר ער ציט נאָך זיך מיט אין דער בויונג פונעם סאָציאַליזם ריזיקע מאַסן אַנדערע אַרבעטנדיקע, קאָלאָסאַלע מאַסן פונעם אַרבעטנדיקן קלײנבירגערטום און פריער פאַר אַלץ פונעם אַרבעטנדיקן פּויערטום. מיטרײַסנדיק זיי מיט זיך, דערנענטערנדיק זיי צו זיך, מאַכט ער איבער זייער קלאַסן־טאָך, ענדערט ער זייער סאָציאַלע נאַטור. דערויף איז דאָך אין טאָך געבויט די פּראָבלעם פון דער קולטור־רעוואָלוציע, דערפאַר, ווײַל אין דערדאָזיקער מעכטיקער איבערשטעלונג וואַקסט אויס אַ נײַע געזעלשאַפטלעכע פּסיכאָלאָגיע, אַ נײַע אידעאָלאָגיע. און דאָס הייסט, עס וואַקסט אויך אויס דאָס נײַע קינסטלערישע שאַפן *). אַזוי רוקן זיך אָפּ די פריערדיקע גרענעצן פונעם קלאַס און עפענען זיך פאַר אים נײַע ברייטע פּערספּעקטיוון.

געדענקענדיק וועגן די גרענעצן פון קלאַס, דאַרף דער מאַרקסיסט דער פאָרשער קיינמאָל זיך ניט פאַרשליסן בלינד אין די דאָזיקע גרענעצן און זיך אָפּצאַמען מיט אַ טויבער וואַנט פון דער גאַנצער סאָציאַלער ווירקלעכקייט. אין איר, אין דער סאָציאַלער ווירקלעכקייט, וועלכע שטעלט מיט זיך פאָר אַ קעסיידערדיקן שטראָם פון לעבעדיקן געזעלשאַפטלעכן לעבן, וואָס פליסט אייביק און באַנײַט זיך אייביק מיט נײַע פאָרמען און דערשײַנונגען,—אין איר, אין דערדאָזיקער סאָציאַלער ווירקלעכקייט, און ניט אין לופטלאָזן רוים שטראָמט דאָס לעבן פונעם קלאַס און זײַן קאַמף. צוגלײַך מיט די

*) דערויף איז געבויט די ליטעראַטור־פּאָליטיק פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, וועלכע שטרעבט איבערדערציִען און „איבערמאַכן די נאָענט צום פּראָלעטאַריאַט שטייענדיקע שרײַבער פון פאַרשיידענע קלײנבירגערלעכע גרופּעס".

גרעניעצן האָט יעדער קלאַס זײַנע פּערספּעקטיוון, און דער פֿאָרשער־מאַרקסיסט האָט שטענדיק געדענקען וועגן דער ד י נ אַ מ י ק פֿונעם קלאַס, וועגן זײַנע אַנטוויקלונג־וועגן, וועגן די פֿאָרהאַנענעם פֿון זײַן ווײַטערדיקן לעבן און עקזיסטענץ, וועלכע זײַנען פֿאַרליטעט אין זײַן געזעלשאַפֿטלעכער ווירקלעכקייט. ניט אַלע קלאַסן גייען צו נײַעם לעבן, גייען צו אויפֿבלי און ניצאָכן; עס זײַנען דאָ קלאַסן, וועלכע זײַנען פֿאַרורטיילט אין געזעצמעסיקע באַדינגונגען אויף אומקום,— אָבער קיינמאָל שטייט ניט דאָס געזעלשאַפֿטלעכע לעבן אויף איין אָרט, עס וואַקסט ניט פֿון קיין טויטע, פֿאַרפֿוילטע פֿאָרמען, צעגלידערנדיק דאָס געזעלשאַפֿטלעכע לעבן, אַבסטראַהירנדיק זיך אין זײַן אַנאַליז פֿון די אָדער יענע ריכטונגען פֿונעם אַלגעמיין־היסטאָרישן פּראָצעס, אַזוי ווי אָפּשטעלנדיק אין זײַן אַנאַליז אויף אַ רגע דעם מעכטיקן געזעלשאַפֿטלעכן שטראָם,— טאָר דער מאַרקסיסט, דער פֿאָרשער קיינמאָל און אין קיין מאָס ניט פֿאַרגעסן וועגן די אַנטוויקלונג־פּערספּעקטיוון פֿונעם געזעלשאַפֿטלעכן לעבן, וועגן זײַן אומענדלעכער באַוועגונג.

אי. יעליאשקעוויטש.

# די פאַנאָראַמע פון אַן אויפשטײַגנדיקער רעפּובליק.

## דער שטאָלץ פון קאַמאַראָווקע*).

יאָרנלאַנג, ווי דער אָפּגעשטאַנענער טראַקט קאַפּשעט זיך אין בוישעבניש פון קאַבּ-צאַנסקן דאָלעס. די הינטער-שטאָט, קאַמאַראָווקע, וואָס ליגט בײַ מינסק אונטערן נאָז, איז געווען פאַריאָסעמט. די אײַנוווינער פון דעמדאָזיקן טראַקט האָבן געדורשט נאָך אַ האַרעם וואָרט. אין וואַרעמע פאַרנאַכטן פלעגן ווײַבער און קינדער מיט הוילע פּופּיקלעך זיך אויסזעצן אויף די הילצערנע גאַניקעס און טרײַבן פּאָליטיק וועגן די „גדולים", וואָס האָבן זיך אָנגעזעצט אויף קאַמאַראָווקע און ווילן זי מאַכן מיט לײַטן צוגלײַך.

— „ווי קריכן שוין גאַר אויף די ווענט, אַ וויסטאַווקע האָבן זיי אויסגעטראַכט צו סטראָיען אויף די בלאָטעס"...

אַצינד האָבן די קאַמאַראָווקער אָפּגענומען די ערשטע צײַטונג-ידיעות, וועגן דער בויונג פון דער ערשטער אַלוועסרוסישער אויסשטעלונג פון לאַנדווירטשאַפט און אינ-דוסטריע. באַזונדערס האָבן געלאַכט אין די הויפן די ברויט-געבער פון די מישפּאָ-כעס, די מאַנסבילן פון דעם. שאַבעס פלעגט מען פאַרלייגן די הענט אויף הינטן און שאַבעסדיק אַוועקשפּאַצירן צום וועלדל, ווידער-אַמאָל באַטראַכטן דעם פּלאַץ, וואָס איז געדיכט באַוואַקסן מיט קאָרטשעס און אויסגעווייקט פון בלאָטע. מען פלעגט געוויס זאָגן, אַז קאַמאַראָווקע איז געווען און וועט בלײַבן, ווי זי איז.

די רעכטע פּאַניקאָרן, וואָס האָבן געקלאָגט אויף כוחבן, האָבן זיך אַנטוישט אין זייערע „געוויסע" רעכנס, ווען מען האָט אָנגעהויבן טראַנספּאָרטירן פון באַן: אײַזן, שטאָל, צעמענט און געהילץ. די אָפּאָרטוניסטן האָבן זיך נאָך אויך איצט געפּרוווט האַלטן בײַ זייערס און זיך געפּרוווט „איבערצײַגן" די וועלט, אַז די מלאָכע איז אַ-בער אַנדערע קוועבעס.

נאָדל-בוימער און קורצע, גראָבע קאָרטשעס, וואָס האָבן זיך אויף אייביק אײַנגעגעסן מיט זייערע וואָרצלען אין באָדן, האָבן דערפילט זייער סאָף און האָבן געמוזט אָפּטרעטן דעם וועג דער פאַנאַנדערגעוויקלטער בויונג, פאַר וועלכער עס זײַנען געוואָרן צו ענג די שטאָט-גרענעצן פון מינסק. דער וואַלד, וואָס האָט זיך פאַנאַנדערגעלייגט אויף צו-געוועלטיקן אייביק, האָט צוזאַמענגענומען זײַנע צעפלאָכטענע וואָרצלען און האָט זיך אָפּגעטראָגן. די בלאָטעס האָט מען געטריקנט. עס האָבן זיך ביסלעכווײַז גענומען הויבן קאָרפּוסן פון קלובנקישטעטל,—ס'איז אויפגעבויט געוואָרן דער אַלוועסרוסישער ספּאָרט-סטאַדיאָן. אין אויסגעצאָמענע ערד-קוואַדראַטן האָט מען גענומען צעמענטירן גראַניט און צעמענט פאַר אַ מעכטיקן פרעסע-הויז אויף קאַמאַראָווקע. דאָס סאַמע מעכטיקסטע און גראַנדיעזסטע, וואָס איז אָנגעגאַנגען אין ראַיאָן פאַר אַנדערע אויגן אויף 75 העקטאַר קאַמאַראָווקער ערד, איז די אויסשטעלונג מיט אירע 40 פּאַווילאָנען, וואָס האָט זיך צעשפּרייט מיט שטאָלץ איבערן געגנט.

*) דאָס האָבן פּראָלעטאַריער פון ווײַסרוסלאַנד געפײַערט זייער רעפּובליקאַנישן יאָנטעוו פון ניצאָכן (10-טער אויגוסט 1930 י.).

## די געשיכטע האָט געענדערט איר ריכטונג.

די אויסשטעלונג סימבאָליזירט מיט איר אויסערלעכער אַרכיטעקטור און אינערלעכער אויסשטאַטונג דעם פולן גאַנג פון דער סאָציאַליסטישער בויונג אין לאַנד. זי דריקט אויס די ווירקלעכקייט פון רעקאָנסטרוקטיוון פעריאָד אין ווײַסרוסלאַנד.

אין די אויסשטעלונג־פּאַוויליאָנען רײדן ניט קײנע בראָשורן און ניט קײן רעדנער, נאָר מאַשינעס, עקספּאָנאַטן, מאָדעלן, מאַקעטן, עסקיזן און דיאַגראַמעס. זײ זײַנען דאָך די בעסטע אָנזאַגערן און פּראָפּאַגאַנדיסטן אַף דער אויסשטעלונג־טריבונע. געוויס וועט די דידאַקטישע דעמאָנסטראַציע פון אַפשטײַג אַרויסרופן אַ זויערע מינע בײַ די רעכטע פּאַניקערן, ווײַל דעמאָנסטרירנדיק דעם זיג פון דער טאָגטעגלעכער אַרבעט, האָפט די אויסשטעלונג צו טאָן אויך אַף ווײַטער פאַר באָלשעוויסטישע טעמפּן אין דער אינדוסטריעלער לאַנדווירטשאַפטלעכער און קולטורעלער בויונג אין לאַנד פון די סאָוועטן.

***

דער הויפּט־פּאַוויליאָן בלעטערט פאַר אונדז דורך די געשיכטע־בלעטלעך פון דעם אַזוי ווײַטן און אַזוי נאָענטן נעכטן פון באָלשעוויסטישן קאַמף פאַר אַ רויטער סאָציאַליסטישער ווײַסרוסלאַנד. דער פּאַוויליאָן פיקסירט די געשיכטע, וואָס האָט די רעפּובליק אַרויסגעפירט אַפן ברייטן פּערספּעקטיוון שליאַך צום עקאָנאָמישן און קולטורעלן אויפבלי.

אָקטיאַבער אין ווײַסרוסלאַנד און דער נאָך־אָקטיאַבער־פעריאָד פון דער סאָציאַליסטישער בויונג אין דער רעפּובליק איז דורכגעפירט געוואָרן, אונטער דער אָנפירונג פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי, אַדאַנק דער מיטהילף פון אַלע ברידערלעכע רעפּובליקן פון גרויסן ס.ס.ס.ר. דעריבער איז נאַטירלעך, וואָס די ווײַסרוסישע עקספּאָנאַטן און דאָקומענטן פון דער געשיכטע פלעכטן זיך דורך מיט די עקספּאָנאַטן וועגן גאַנג פון דער רעוואָלוציע און טעטיקייט פון אירע פירער אין גאַנצן פאַרבאַנד.

לענינס מאָנומענט געפינט זיך אין צענטער פון אויסשטעלונג־פּלאַץ. דער קאָלעקטיווער דענקמאָל דעם פירער פון רעוואָלוציע ווערט אויך אויסגעדריקט אין די פילצאָליקע לאָזונגען בײַ דער אַרײַנגאַנג־אַרקע. אין הויפּט־פּאַוויליאָן באַקאָנען מיר זיך מיט דער געשיכטע פון דער לענינישער פּאַרטיי אין ווײַסרוסלאַנד, מיטן אויפשטײַג פון דער רעוואָלוציאָנערער כוואַליע, וואָס איז דורך איר אָנגעפירט געוואָרן. ביוסטן און בילדער שטעלן פאָר פאַר אונדזערע אויגן יענע באָלשעוויקעס, וואָס האָבן פאַרלייגט די גרונט־שטיינער פון דער ק.פּ.(ב)ו., מיר באַגעגענען דאָ אַ ביוסט פון ערשטן פאָרזיצער פון מינסקער באָלשעוויסטישן קאָמיטעט אין 1917 י.—כ' מיאַסניקאָוו, פון דעם גרינדער פון דער באָברויסקער באָלשעוויסטישער גרופּע אין 1905 י.—כ' שקלאָווסקי, אַ בילד פון אָנדערהאַלבן צענדליק באַוויירים, וואָס האָבן פאַרלייגט די גרונט־שטיינער פון דער באָברויסקער באָלשעוויסטישער אָרגאַניזאַציע.

דײַטשישע און פּוילישע אָקופּאַציעס, קאָשמאַר פון צעוושעטן באַנדיטיזם און קאַפּאַטקעוויטש, מאַזור, גאַלובקאָוויטש, דוקאַר און אַנדערע פינקטן פון ווײַסרוסלאַנד, בולאַק־בילאַכאָוויטש מיט זײַן באַנדיטישן שטאַב און אַלע איבעריקע באַנדיטן, וואָס זײַנען אָפּגעשווענקט געוואָרן דורך דער האַנט פון דער רעוואָלוציע, ווײַזן זייערע פּאַרצעפּן די בילדער. מיר זעען אויך די קאַרטאָגעס פון באַנדיטיזם אין יענע טעג, ווען די לאַנד איז געווען אַרומגערינגלט מיט אַ פײַערדיקן רינג פון פײַנטלעכע קרעפטן.

...פאַרוואַלגערטע גאַסן מיט טויטע מענטשלעכע קערפּערס און גלידער, צעטרימערטע פאַבריקן, זאַוואָדן, מילן, אײַזנבאַנען, בריקן מיט איבערגעבראָכענע רוקנס—דאָס איז די ירושה פון די אָקופּאַנטן.

אונטער די קלעפּ פֿון דער רויטער אַרמיי זײַנען סאָנים אָפּגעטראָטן. אַף דערדאָזיקער יערושע האָט דער פּראָלעטאַריאַט, אונטער דער אָנפֿירונג פֿון זײַן פּאַרטיי, זיך גענומען בויען דעם סאָציאַליסטישן מאָרגן.

## דאָס נײַע אין ווײַסרוסלאַנד.

פֿאַבריק־קוימענס, עלעקטראָסטאַנציעס און הוטעס, סטאַנציעס און מאַשינעס, וואָס פּאַקומען אַרויס זאַפּטיקע טאָרף־ציגל, ריזיקע פֿאַבריק־זאַוואָדישע סלופּעס, געפֿלאָכטן פֿון אײַזן און שטאָל — די דאָזיקע שפּיגלער פֿון דער אינדוסטריע זײַנען באַגלײַט אין פּאַוויליאָן פֿון דער אָרטיקער אינדוסטריע מיטן לאָזונג פֿון דער עפּאָכע: „דעריאָגן און איבעריאָגן אין עקאָנאָמישן זין די פֿאָרויסגעשריטענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער".

***

אַלע מאַשינעס, די העלדן פֿון פּאַוויליאָן, זײַנען אין דער פֿולער גרייטקייט צו אויספֿילן זייערע פֿליכטן. זיי וואַרטן נאָר אַף אַ באַפֿעל פֿון דער עלעקטרישער קראַפֿט, שליסט מען נאָר אײַן דעם עלעקטרישן שטראָם, — און מאַשינעס, וואָס זײַנען פּראָדוצירט אַף נאָר־וואָס אויפֿגעבויטע ווײַסרוסישע זאַוואָדן, לאָזן זיך אין גאַנג באַווײַזן זייערס. עקסצענטריס און שניצערס („רעזצי") פֿון די מאַשינעס פֿון „ענערגיע", „קאָמונאַר" עסן זיך אײַן זייער שאַרף אין אײַזן און שטאָל. ווען טראַנסמיסיעס דרייען זיך, צעזינגט זיך אַ קראַכמאַל־מאַשין, אַ „סילאָסאָרעזקע" פֿון אַמעריקאַנישן טיפּ, פֿון האָמלער „סעלמאַש".

טאָקער־ און בויער־מאַשינעס טראָגן נאָך אַפֿן גלאַנץ פֿון זייער עמאַלירטער הויט, — די זאַוואָדישע מאַרקע פֿון „ענערגיע" — מיט נאָר קליינע נומערן, ווײַל די זאַוואָדן האָבן נאָך ניט באַוויזן אַרויסצולאָזן מאַשינעס אין די טויזנטער. דערפֿאַר אָבער באַווײַזן די בײַגעלייגטע דיאַגראַמעס, די גרויסע פּערספּעקטיוון פֿון דערדאָזיקער פּראָדוקציע: אויב אין 2־טן יאָר פֿון 5־יאָר האָט „ענערגיע" פּראָדוצירט אירע ערשטע 4 הונדערט עקבער־מאַשינעס, וועט דער זאַוואָד אין קומענדיקן יאָר דידאָזיקע מאַשינבוי־פּראָדוקציע פֿאַרדאָפּלען און פֿאַרדרײַפֿאַכן. די קאַפּיטאַלע אײַנלייגונגען פֿון דער מעטאַל־פֿאַראייניקונג בילדעט אַ דיאַגראַם פֿון אַ געבראָכענער ליניע אַלץ העכער און העכער. אויב אין 1923־24 י. האָט די דאָזיקע פֿאַראייניקונג אַרײַנגעלייגט אין דער מאַשינבוי סאַכאַקל אַ סומע פֿון 75 טויזנט ר., וועט צום 1932־33 י. די סומע פֿון אַרײַנלייגונגען אין דער מאַשינבוי באַטרעפֿן 180 טויזנט ר. „ענערגיע" און טיילווײַז „קאָמונאַר" האָבן שוין פֿון ווײַסרוסלאַנד אַראָפּגענומען דעם יאָך פֿון אימפּאָרטירן אויסלענדישע אויסשטאַטונג פֿאַר קראַכמאַל־זאַוואָדן.

די אייגענע זאַוואָדן האָבן אָנגעהויבן שפּײַזן די לאַנדווירטשאַפֿט פֿון ו.ס.ס.ר. מיט מאַשינעס. אין פּאַוויליאָן פֿון דער רעפּובליקאַנישער אינדוסטריע געפֿינען מיר אַ מאַקעט פֿון מעכטיקן האָמלער „סעלמאַש", וועלכער איז פֿאַר דער לעצטער צײַט אָפּגעבויט געוואָרן. אין דער מעטאַל־גרופּע פֿון פּאַוויליאָן זײַנען אויך פֿאָרגעשטעלט די עקספּאָנאַטן פֿון זײַן אויסאַרבעטונג, די אויסאַרבעטונג פֿון האָמלער זאַוואָד „פּראָלעטאַרי", פֿון וויטעבסקער פֿאַבריקן און אונטערנעמונגען, פֿון אַנדערע שטעט פֿון ווײַסרוסלאַנד, וואָס אילוסטרירן דעם וווּקס פֿון נײַע מעטאַל־גיגאַנטן, וועלכע האָבן מיט געציילטע יאָרן צוריק אַראָפּגעוואָרפֿן זייערע קוסטאַרישע שולדלעך. אַפֿן אָרט פֿון קוסטאַרישע וואַרשטאַטן וואַקסן פֿאַבריקן, זאַוואָדן, גיגאַנטן. אין דער לעדער־ און שוך־אויסאַרבעטונג פֿון

ב.ס.ס.ר. זיינען אויסגעוואַקסן אַזוינע זאַוואָדן, ווי „באָלשעוויק", וועלכער איז קאָנצענטרירט לויט לעצטן וואָרט פון דער טעכניק, עס וואַקסן אויס מעכאַניזירטע שוך־פאַבריקן. די בערשטער־פּראָדוקציע איז שוין באַדייטנד דערהויבן געוואָרן. צו אַ נאָך גרעסערן אויפשטייג פון דערדאָזיקער פּראָדוקציע סטימולירט דער נייער מעכאַנישער בערשטער־ און האָר־וויסבעריי־קאָמבינאַט, וואָס בויט זיך אין וויטעבסק. אין פּאַוויליאָן באַגעגענען מיר בילדער פון היימישע אַרבעטסטעג בא דער בויונג פון דעם־דאָזיקן גיגאַנט.

מיט כאַזער־האָר, פערד־האָר, בערשטלעך, פענדזלעך און אַנדערע פּראָדוקציע־אַסאָרטימענטן אָפּערירט די מינסקער בערשטער־פאַבריק א. נ. ב' „קרופּסקאַיאַ". די פאַבריק באַווייזט דורך אַ קליינער דיאַגראַמע אירע דערגרייכונגען פון דער טאָג־טעגלעכער צוזאַמענגעשטעלטער אַרבעט אין קאַמף פאַרן 5־יאָר אין 4 יאָר; אין 1924־25 י. האָט אויף דער פאַבריק געאַרבעט אַ גרופּע פון 3 צענדליק אַרבעטער. די קאַפּיטאַלע אַריינלייגונגען אין אירע ערשטע עקזיסטענץ־יאָרן האָבן באַטראָפן 3 טויזנט רובל. צום דריטן יאָר פון 5־יאָר קומט די פאַבריק מיט אַן איבערגעשטיגענעם פּראָמפינפּלאַן, מיט אַן אַרבעטער־אַרמיי פון העכער 700 מאַן. די קאַפּיטאַלע אַריינלייגונגען פון 1929־30 י. באַטרעפן העכער פון 321,000 ר., דער טעגלעכער אַרבעטלוין פון יעדן אַרבעטער איז שוין באַדייטנד אויסגעוואַקסן און צום סוף פון 5־יאָר וועט ער באַטרעפן 5 ר. 77 ק. אַנשטאָט 2 ר. 22 ק. אין 27־טן יאָר.

אין דער קאַפּיטאַלער בויונג פון דער גלאָז־פּראָדוקציע וועט אין די 5 יאָר אַריינגעלייגט ווערן 17 מיליאָן ר., די זאַוואָדן זיינען ביזלעצטנס אַריבער אַרבעטן אויף אייגענעם היימישן זאַמד און קרייד. אין האָמלער ראַיאָן בויט זיך שוין אַ מעכאַניזירטער גלאָז־זאַוואָד.

אויף דער „דנעפּראָווער מאַנופאַקטור" אין דובראָוונע פלעגט אַן אַרבעטערין טעגלעך אויסאַרבעטן אויף 2 וועב־שטולן 48 מעטער מאַנופאַקטור. אדאַנק דער גרויסער ראַציאָנאַליזאַציע אין דער טעקסטיל־פּראָדוקציע, וואָס איז דורכגעפירט געוואָרן, אַרבעט איצט איין אַרבעטערין גלייכצייטיק אויף 12 מאַשינען און גיט אַרויס אין 5 מאָל מער פּראָדוקציע. די „דנעפּראָווער מאַנופאַקטור" אַרבעט אויף סאָוועטישע מאַשינען. איינע פון די דאָזיקע מאַשינען געפינט זיך אַלס עקספּאָנאַט אין פּאַוויליאָן.

שטאַרק געענדערט איז געשטאַלט האָט אויך די ווייסרוסישע ניי־פּראָדוקציע. אין די ווייסרוסישע שטעט זיינען אָפּ אָרט פון קוסטאַרישע וואַרשטאַטלעך אויפגעוואַקסן מעכאַנישע ניי־פאַבריקן („אָקטיאַבער", „פּראָפינטערן", „קאָמינטערן" און אנ"ד.). די דאָזיקע פאַבריקן ווערן מיט פאַרשידענע שטאַפּן מעכאַניזירט. פאַר די לעצטע 5 יאָר האָט זיך פאַרגרעסערט די צאָל מאַשינען אויף די פאַבריקן ביז 1,650 שטיק.

דעמזעלבן בילד שטעלט מיט זיך פאַר די זאָקן־טריקאָטאַזש־פּראָדוקציע. פאַר אונדז דעמאָנסטרירט דורך אין פּאַוויליאָן אירע דערגרייכונגען די וויטעבסקער זאָקן־פאַבריק. דאָרט שטייט אויך דער מאַקעט פון דער נייער פאַבריק. די פאַבריק־קאָרפּוסן זיינען שוין פאַרטיק, מע דאַרף זיי נאָר אָנפילן מיט דער נויטיקער איינשטעלונג, דאַן וועט די צאָל אַרבעטער פאַרגרעסערט ווערן ביז 6300 מאַן, אַנשטאָט די 1800, וואָס אַרבעטן דאָרט איצט. די עקספּאָנאַטן פון דערדאָזיקער פאַבריק זיינען די בעסטע אילוסטראַציע פאַר דער סאָוועטישער ראַציאָנאַליזאַציע. אין 1926־27 י. זיינען אויף דער פאַבריק געווען 60 מאַשינען, היינט — 450. אַנשטאָט דעם, וואָס איין אַרבעטער פלעגט אַרויסלאָזן 70 פּאָר זאָקן אַ טאָג, לאָזט יעדער אַרבעטער בא היינטיקן טאָג אַרויס טעגלעך 280 פּאָר זאָקן, אַרבעטנדיק גלייכצייטיק אויף 12 מאַשינען.

אין פּאַוויליאָן פון דער וואַלד־פּראָדוקציע איליוסטרירט אַ געאָגראַפישע קאַרטע דורך פאַרשיידענע צייכנס דעם וווּקס פון די האָלצבאַאַרבעטער־אונטערנעמונגען אין ווייסרוסלאַנד. פון די אַלע צייכנס טיילט זיך אויס דער רויטער שטערן, וואָס באַטייט — האָלצבאַאַרבעטער־קאָמבינאַטן. דערדאָזיקער שטערן איז נאָך דעריווייל דער איינציקסטער און סימוואָליזירט דעם באָברויסקער קאָמבינאַט. פון דערדאָזיקער גראַנדיעזער אונטערנעמונג געפינען מיר אויף דער אויסשטעלונג אַ מאַקעט, וואָס גיט אַ גענויע פאָרשטעלונג וועגן די גיגאַנטישע זאַוואָדישע קאָרפּוסן. מיר זעען דאָ דעם באַזיין פון ציך, דעם טראַנספּאָרטיאָר פון קאָמבינאַט א.א.וו., דער באָברויסקער קאָמבינאַט האָט אָנגעהויבן אין ב.ס.ס.ר. און ו.ס.ס.ר. אַרויסגעבן נייע אַסאָרטימענטן, ווי: סטאָליער־פּליטן און מעטער־פּאַניר. דער קאָמבינאַט בלייבט ניט איינזאַם. 2 שטערנס פון אַן אַנדער קאָליר באַווייזן אונדז אויף דער קאַרטע, אַז נעבן באָריסאָוו און נאָ־בעליצע בויען זיך נאָך קאָמבינאַטן.

פון די דיאַגראַמעס זייַנען די וויכטיקסטע אינטערעסאַנטסטע און כאַראַקטעריסטישע 2. די־דאָזיקע 2 דיאַגראַמעס ווייזן, אַז דער 5־יאָריקער פּלאַן פון דער וואַלד־אינדוסטריע אין ווייסרוסלאַנד וועט אויסגעפילט ווערן פאַר 3½—3 יאָר. די קאַפּיטאַלע אַרייַנלייגונגען אין דערדאָזיקער אינדוסטריע־צווייג האָט געזאָלט לויטן לעבאַטבילעדיקן פּלאַן באַטרעפן 26 מיליאָן רובל. נאָכן איבערקוקן איז דער פּלאַן פאַרגרעסערט געוואָרן ביז 53 מיליאָן רובל.

וועגן וווּקס פון דער אָרטיקער און קוסטאַרישער אינדוסטריע דעמאָנסטרירט אויך פאַר אונדז אַ באַזונדערער פּאַוויליאָן פון דער אויסשטעלונג. באַזונדערס טיילן זיך אויס פון די עקספּאָנאַטן אין דעמדאָזיקן פּאַוויליאָן דער בּוכאָווער האָלץ־וואַרג. דער פּאַוויליאָן דעמאָנסטרירט פאַר אונדז דעם וווּקס פון קוסטאַרישע אַרטעלן. די־דאָזיקע אַרטעלן האָבן שוין אין 1926-27 י. אַרויסגעגעבן ניי־פּראָדוקציע אויף 1,366,244 רובל. אין 1928-29 י. האָבן מיר אַ וווּקס פון דער ניי־פּראָדוקציע אין די קוסטאַר־אַרטעלן ביז 7,133,700 ר. אין דער 1930-31 י. וועט געבן אַ רעקאָרד־ציפער אין די קאָאָפּערירטע שניידער־אַרטעלן ביז 52,579,740 ר.

## מיר באַזייגן בלאָטעס.

די פעלדער פון דער מינסקער בלאָטע־סטאַנציע זייַנען איצט באַקרוינט געוואָרן אַלס עקספּאָנאַטן פון דער אַלווייסרוסישער אויסשטעלונג. די בלאָטע־סטאַנציע, וואָס געפינט זיך אויף אַנדערטהאַלבן קילאָמעטער פון דער אויסשטעלונג צוזאַמען מיט איר גאַנצן קלאַפּער־געצייג שטעלט פאַר דעם פּאַוויליאָן פון בלאָטע־קולטורן פון דער אויסשטעלונג, און דעמאָנסטרירט דעם שטאַנד פון בלאָטע־מאַסיוו אין ווייסרוסלאַנד, וועלכע ווערן ביסלעכווייז באַזייגט און פרוכטבאַר. די דיאַגראַמעס באַווייזן אָבער, אַז דער־דאָזיקער אומויסשעפּלעכער רייכטום־קוואַל ווערט ניט גענוג אויסגענוצט. 2,600,000 העקטאַר פון די ווייסרוסישע ערדן שטעלט פאַר מיט זיך אַ גרויסן בלאָטע־מאַסיוו, וועלכער ענדערט ביטעאָראָגראַפיק זייַנע פונקציעס, דורכגייענדיק אַ מעליאָראַציע־שול. די דיאַגראַמעס באַווייזן, אַז 23,770 העקטאַר בלאָטעס האָבן זיך שוין איינגעשלאָסן אין דינסט דער רעקאָנסטרוקציע פון דער לאַנדווירטשאַפט. דער 5־יאָריקער פּלאַן ניט גרויסע אויסווייכטן אויף מאַכן צוזאַמען אין באַזייגן די אומריינע בלאָטעס. פאַר דער צייט פון פינפיאָר וועלן אויסגעטריקנט ווערן נאָך 871,861 העקטאַר בלאָטע.

אויף פּאָלעסיע, אַרשטיע, בראַדינער, מאַרינער און אַנדערע בלאָטע־מאַסיוון אַרבעטן מיט וויטערע פילע מאַשינען־טעכניק די ערד־גראָבער („וועמלעטשיטשפאלקי"). זיי לאָזן

זיך אראפ צו די אפגרונטן פון די וואסערן, שטשעמען זיך איין מיט זייערע שטאלענע ציינער און בײַסן אפ שטיקער פון וואסער-אונטערבעטן, גלײַכן שיך-בריען און שנײַדן קאנאוועס. אפן ארט פון געוועזענע בלאטעס, וועלכע ווערן אויסגעטריקנט, גייען אויף קאלווירטן, סאווירטן און קאמונעס.

א מאקעט פון אזא מעכטיקן סאווירט א. נ. „10 יאר וו.ס.ס.ר.”, וואס ווערט געשאפן אף א שעטעך פון 1000 העקטאר מארינער בלאטעס, געפינען מיר אף דער אויסשטעלונג, אין פאוויליאן פון סאציאליסטישן לאנדווירטשאפטלעכן סעקטאר. דער דאזיקער גיגאנט וועט מיט דער צייט זיך צעשפרייטן אף איבער 70 טויזנט בלאטיקע העקטארן ערד. ס'איז אויך געמאכט געווארן דער אנהויב צו באפרוכפערן די דאזיקע בלאטעס, עס זיינען פארזייט געווארן 1,200 העקטאר ערד. אין פאוויליאן דעמאנסטרירט אירע דערגרייכונגען אף בלאטעס די קאמונע פון ווייסרוסישן מילישער-קרייז און אנדערע ווירטשאפטן, וואס זיינען געפירן און האדעווען זיך אף בלאטעס.

א דיאגראמע אילוסטרירט פאר אונדז די דינאמיק פון וווּקס פון דער צאל מעליאראציע-געזעלשאפטן אין וו.ס.ס.ר., אין 1924-25 י. זיינען געווען סאכאקל 425 מעליאראטיווע געזעלשאפטן מיט 79,666 מיטגלידער, אין צום 1929-30 י. זיינען שוין אין ווייסרוסלאנד פאראן 1,300 געזעלשאפטן, וועלכע פאראייניקן 2,615,000 מיטגלידער.

*
**

א גרויסן ארט פארנעמען אין פאוויליאן די עקספאנאטן, וואס אילוסטרירן דעם וווּקס פון ארויסבאקומען טארף. די בלאטעס זיינען רייך אנגעזעטיקט מיט טארף און דינען אלס מחוסע הילף דער לאנדווירטשאפט.

די טארף-געזעלשאפטן האבן אין 1924 י. פאר דער באהייצונג ארויסבאקומען נאר 1200 טאן טארף, אין 1929 י. האט דאס ארויסבאקומען פון טארף דערגרייכט 115,842 טאן. אף אנגעטרעבעטן די פי האט מען אין 1927 י. ארויסבאקומען מאקסימאל 5 קובישע מעטער טארף, אין 1928 י.—1,255 קובישע מעטער און אין 1929 י.—44,982 קוב. מעטער, אף באמיסטיקונג זיינען דורך די טארף-געזעלשאפטן שוין אין 1929 י. ארויסבאקומען געווארן 64,588 קובישע מעטער טארף. אויסער דעם, האבן די סאווירטן פארן 1929 י. ארויסבאקומען 303,079 קובישע מעטער באמיסטיקונג-טארף. נאר דאס באווייזט אויך, אז עס ווערט נאך אפגעגעבן וויניק אויפמערקזאמקייט דעם טארף, ווי אן ארגאנישע באמיסטיקונג, אין דער צייט, ווען די ווירקונג פון דער טארף-באמיסטיקונג אף דער גערעטעניש איז זייער א גרויסע. יעדער העקטאר פארזייטע קארן גיט א צווייענדיקע גערעטעניש, ווען ער ווערט באמיסטיקט מיט טארף.

## קאלווירטן אין וווּקס.

מיטן לאשן פון פארשיידנקאלירטע עלעקטרישע פײַערלעך, ווערט דערציילט, ווי אזוי עס איז שוין אנגעפיקשוועט די ווייסרוסישע ערד מיט קאלווירטן און סאווירטן. האיאר איז שוין ווייסרוסלאנד דורכגעפלאכטן מיט א נעץ פון 3,021 קאלווירטן אין 171 סאווירטן, אויסער דעם, זיינען פאראן 4,800 קאלעקטיווע ווירטשאפטן פון אנדערע מינים פאראייניקונגען פון דער לאנדווירטשאפטלעכער קאאפעראציע.

די קאלווירטניקעס האבן ארויפגענומען פון יעדן דעסיאטין א גערעטעניש פון 9,2 צענטנער האבער. נאך בעסערע אויסאטן פאר קאלעקטיווער ערד-באארבעטונג זיי-

פֿון די רעזולטאַטן פֿון דער גערעטעניש פֿון קאַרטאָפֿל און אַנדערע קולטורן. בײַ אַ קאָלעקטיווער ערד־באַאַרבעטונג האָט יעדער לאַנדווירטשאַפֿטלעכער אַרבעטער יערלעך פֿאַרדינט 367 ר. און בײַ אַן אינדיווידועלער ערד־באַאַרבעטונג, נאָר 239. דאָס אַליין שלאָגט מיט דער גאַנצער אַנטשיידנקייט איבער דער פּרישטשעפּאָווישטשינער כוטאָריזאַציע־פּאָליטיק. ווען דעם ראַפּאָרטירן אויך די אַליין מער פֿאַרברייטערטע קאָלווירטישע פֿעלדער. אויב אין 1922 י. האָבן די קאָלווירטן פֿאַרנומען אין וו.ס.ס.ר. אַ שטעך פֿון 4,500 העקטאַר ערד, פֿאַרנעמען זיי שוין האַיאָר 1,200,120 העקטאַר. דער פֿאַרזיי־שטעך פֿון די סאָווירטן פֿאַרנעמט איצט 1,509,000 העקטאַר. דאָס הייסט, אַז דער סאָווירטישער ערד־שטעך איז אויסגעוואַקסן מער, ווי אויף 55%.

די דינאַמיק פֿון וווּקס באַווײַזט דורך דיאַגראַמעס, אַז פֿון 1922 י. ביזן 1930 י. זײַנען אין די קאָלווירטן פֿאַרגרעסערט געוואָרן די צאָל פּויערישע מישפּאָכעס פֿון 1,600 ביז 87,250.

דעם קאָלווירט „ראַסוועט פּראָמאָשטשאַ" האָבן די ריטשושיטשע ווײַטפֿראַנגנלער באַלוינט מיט אַן איבערטראָג־פֿאָן צום 10־טן יאָרטאָג, זינט ווײַסרוסלאַנד האָט זיך באַפֿרײַט פֿון די ווײַספּאָליאַקן. די דאָזיקע פֿאָן מיט אַן אויפֿשריפֿט אויף דײַטש: „דעם פֿרײַנט די האַנט, דעם פֿײַנט — אַ פֿויסט", הענגט אין איינעם פֿון די צימערן פֿון פּאַווילאָן. דאָס באַווײַזט אַן איבעריקן מאָל, אַז די דערפֿאָלגן פֿון דער קאָלווירט־בויונג בײַ אונדז רופֿן אַרויס אַ שטאַרקע סימפּאַטיע פֿון די אַרבעטנדיקע פֿון אַלע לענדער.

*
**

אין „געזערד"־צימער באַווײַזט אונדז אַ קאַרטאָגראַמע דעם גאַנג פֿון דער ערד־אײַנאָרדענונג פֿון דער יידישער אַרבעטנדיקער באַפֿעלקערונג אין וו.ס.ס.ר. און דעם וווּקס פֿון די יידישע קאָלווירטן. אויב אין 1918 י. זײַנען אין ווײַסרוסלאַנד געווען נאָר 9 קאָלווירטן, האָט זיך שוין צום 1929 י. די צאָל פֿאַרגרעסערט אויף העכער פֿון 240%. אין דער צײַט פֿון דער מאַסן־קאָלעקטיוויזאַציע זײַנען באַדײַטנד פֿאַרברייטערט געוואָרן די עקזיסטירנדיקע יידישע 237 קאָלווירטן. פֿאַר אַ קורצן האַלבן יאָר, אין דער צײַט פֿון דער מאַסן־קאָלעקטיוויזאַציע זײַנען אויסגעוואַקסן די צאָל יידישע מישפּאָכעס אין די קאָלווירטן פֿון 1,576 ביז 3,523. באַזונדערס באַמערקט זיך דעראָזיקער וווּקס אין באָבּרויסקער קרײַז, וווּ עס זײַנען צוגעקומען פֿאַר אַ קורצער צײַט 528 אַרבעטנדיקע מישפּאָכעס אין די קאָלווירטן. אין „געזערד"־צימער קאָנען מיר אָבער ניט דערזען זיך וועגן דער אינטערנאַציאָנאַליזאַציע פֿון די נאַציאָנאַלע קאָלווירטן.

די ווענט פֿון צימער זײַנען באַדעקט מיט פֿילצאָליקע דיפּלאָמען, וואָס פֿאַרשיידענע יידישע אָרטעלן, קאָלווירטן און קאָמונעס האָבן באַקומען פֿאַר זייער גוטער אַרבעט. דורך אַ דיאַגראַמע דעמאָנסטרירט דעראָזיקער צימער דעם וווּקס פֿון די צאָל „געזערד"־מיטגלידער. פֿאַר די לעצטע 4 יאָר, פֿון 1926 י. ביז 1930 י. איז די צאָל „געזערד"־מיטגלידער אין וו.ס.ס.ר. אויסגעוואַקסן פֿון 4 טויזנט ביז 44,421.

## פֿאַר מעכטיקע פּיצוכט־ווירטשאַפֿטן.

העכער אַנדערהאַלבן צענדליק פֿערד מיט אויסגעצייכנטע גרויסע האָבן זיך מיט פֿאַרשיידענע קעפּ פֿליסיק געדרייט אין די שטאַלן פֿון די מוסטער־פֿערד־שטאַלן אויף דער אויסשטעלונג. דער פֿילפֿלוטיקער לויפֿער „עקספּאַר" שטאָלצירט מיט זײַן 1־טן פּריז, וואָס ער האָט אין 1928 י. באַקומען אויף אַלפֿאַרבאַנדישן געוועט אין מאָסקווע.

אַזוי שטאָלצירט אויך דער אָרלאָווער „ראַטנראָס" מיט זיין העלדישקייט און פלינקייט, מיט זיינע שיינע פיס, וואָס טראָגן זיך דורך פאַר 2½ מינוט אַ מעטראַליך פון אָנ-דערהאַלבן ווערסט.

די אייגענע „האָרזולעס" פון ערשטן ווייסרוסישן מעלאָכישן פערד-זאַוואָד פאַרנעמען אַן אָנגעזעענעם אָרט אין פיצוכט-פאַוויליאָן פון דער אויסשטעלונג.

אין אַלגעמיין האָט זיך ניט ווייסרוסלאַנד וואָס צו שעמען מיט אירע באַזירנס. אויב אַלע סאָוועטישע רעפּובליקן אינאיינעם גענומען פאַרמאָגן אויף יעדערע 100 מאַן קאַרגע 17 באַזירים, איז אין ווייסרוסלאַנד פאַראַן אויף יעדערע 100 מאַן פון דער באַפעלקערונג 46 באַזירים. פון גאַנצן פאַרבאַנד פאַלט אויס אויף 100 פאַרזייטע העקטאַר ערד 22 באַזירים אין אין וו.ס.ס.ר.—64,1. די טאַבעלעס און דיאַגראַמעס פון פיצוכט-פאַוויליאָן ווייזן, אַז ו.ס.ס.ר. פאַרנעמט אין דעם געביט דעם ערשטן אָרט.

אין פאַוויליאָן געפינט זיך אַ גענעראַלער פּלאַן פון דער באַזירים-צוכט-ווירטשאַפט, פון אַ באַזירים-צוכט-סאָווכאָז, וואָס וועט געבויט ווערן אין ווייסרוסלאַנד. עס זיינען פאַראַן פּראָיעקטן פון פערמעס פאַר 500 באַזירים-מוטערס און 5,000 באַזירימלעך. די אַלגעמיי-נע פּראָדוקציע פון באַזירים-פלייש אין ווייסרוסלאַנד האָט אין 1927-28 י. באַטראָפן 1,561,000 טאָן, אין דער צייט, ווען די אַלגעמיינע פּראָדוקציע פון קעלבער- און רינדער-פלייש צוזאַמען האָט באַטראָפן 464,200 טאָן פלייש.

## זאַנגען אין איבערוף.

צוויי פאַוויליאָנען זיינען אַרומגערינגלט מיט צענדליקער העקטאַר פאַרזייטע ערד מיט פאַרשיידענע קולטורן, וועלכע דעמאָנסטרירן מיט זייער פּראַקטיק דעם קאַמף פאַר הויכער גערעטעניש, פאַר איינפירן נייע קולטורן אין וו.ס.ס.ר.

אין די צוויי פאַוויליאָנען און אויף די דערפייקע פעלדער קומט פאַר דער איבערוף פון זאַנגען אין ערד-באַהאַנדלונג פאַר אַ הויכער גערעטעניש, פאַר קאָלעקטיוויזאַציע, די אַלווייסרוסישע פאַרמעסטונג פון זאַנגען און פעלדער. צווישן די פילצאָליקע זאַנגען אין קערנער צייכענען זיך אויס מיט זייער וווּקס און אָנגעפילטקייט די האָבער-קערנער פון „גיגאַנט", „היג". אגנעטרן הויכטוויטיקן גלאָז קוקן אַרויס דאַנעיקע אין טרוקענע קער-נער. דאָ פאַרנעמען אָבער דעם אויבנאָן די גערעטענישן פון קאָלווירטישע, סאָווירטישע און קאַמונאַלע פעלדער.

איינע פון די וויכטיקסטע געווינען אין קאַמף פאַר אַ הויך-גערעטעניש איז די דרייאַפּריניקונג. אין 1927 י. איז געווען אָפּגערייניקט 2635 טאָן זריע און 1932-33 י. וועט דערגרייכער סכום פון די אָפּגערייניקטע זריע שוין באַטרעפן 1,416,950 טאָן, דאָס איז איינע פון די גרעסט-וויכטיקער פון דער גערעטעניש, די רעזולטאַטן פון קעמפן פאַר אַ הויכער גערעטעניש, דורך דער אָרגאַניזאַציע פון קאָלעקטיווע ערד-באַאַרבעטונג. אויב אין 1929 י. האָבן די קאָלווירטן פון מינסקער קרייז באַקומען פון יעדן העקטאַר קאַרטאָפל 104,9 צענטנער, האָט דער אינדיווידועלער סעקטאָר פון יעדן העקטאַר אַראָפּגענומען נאָר 97,5 צענטנער. דער קאָ-לעקטיוויסט האָט פון יעדן העקטאַר פאַרזייטן האָבער אַראָפּגענומען 9,1 צענטנער און דער אינדיווידועלער פויער—אויף 14% ווייניקער. אַן אונטערשייד איז אויך געווען אין דערזעלבער פלאַך אין דער קאָרן- און לייַנגערעטעניש, דאָס ווערט באַוויזן בילעט דעמאָנסטרירט דורכן וווּקס פון די בייליקע זאַנגען פון פאַרגעזעלשאַפטלעכטן סעקטאָר פון דער לאַנדווירטשאַפט.

ס'איז ניט אומדערוואַרט, וואָס צענדליקער און הונדערטער אָרעמע פּויערים, עקספּלואַטאַנטן, וואָס קומען באַזוכן אונדזער אויסשטעלונג, אַלס אינדיווידועלן, פאָרן אַוועק אַהיים שוין פאַרטיקע קאָלווירטניקעס, ווײַל זיי האָט איבערצייגט אויף דער אויסשטעלונג די רעזולטאַטן פון קאָלעקטיווער מי.

צוויי בינטלעך זאַנגען, וואָס זײַנען אײַנצײַטיק אויסגעריסן געוואָרן מיט די וואָרצלען אויף שכייניגדיקע קאָלעקטיוויסטישער פעלדער אין „רויען" בישפּילעס אויך אין פּאַוויליאָן, באַווײַזן די רעזולטאַטן פון דער פאַרמעסטונג פון צוויי סיסטעמען, דעם קאָנטראַסט פון דער גערעטעניש פון טאַראַסעוויטשעס פעלדער און פון די קאָמונאַרן פון דער קאָמונע „אוואַנגאַרד". די בײדע באַלעבאַטים האָבן געזייט די טווייע אויף איינער און דערזעלבער באַמיסטיקונג און בײַם אָראָפּנעמען די גערעטעניש, האָט טאַראַסעוויטש באַקומען 8,19 צענטנער ווייץ פון יעדן העקטאַר און „אוואַנגאַרד"—29. די קאָמונע איז די העכסטע פאָרם פון קאָלעקטיוויזאַציע און מיט דיזאַרטיקע עקספּאָנאַטן באַווײַזט די קאָמונע „אוואַנגאַרד", אַז זי האָט בעסטעם באַרעכטיקט איר נאָמען, אַז פון איר דאַרפן זיך אָפּלערנען אַלע איבעריקע ווירטשאַפטן פון ו.ס.ס.ר.

צוגלייך מיטן וווּקס פון דער פּראָדוקטיווקייט פון די פעלדער, קומט פאָר א קאָלאָסאַלע פאַרברייטערונג פון פאַרזוי-שעטעך. באַזונדערס באַווײַזט דעם אויספעראָלעכן וווּקס פון פאַרזוי-שעטעך, א דיאַגראַמע פון באַברויסקער קרײַז. אין דאָזיקן קרײַז האָט זיך פאַר די נאָך-רעוואָלוציע-יאָרן דער פאַרזוי-שעטעך פאַרגרעסערט אויף 157%. מיטן זעלבן בעטאָנדאָגעדיקן וווּקס ווערט באַגלײַט די פּראָדוקטיווקייט פון דער לאַנדווירטשאַפט אין אַלע קרײַזן פון ווײַסרוסלאַנד.

## די שפּראַך פון מאָטאָרן און מעכאַניזמען.

שטאָלענע פערד זײַנען אויף דער אויסשטעלונג זיך צונויפגעפאָרן פון די קאָלווירטישע און סאָווירטישע פעלדער נאָך א העלדישן עקזאַמען פון פרילינג-פּאַרוו. זיי געפינען זיך אַלס עקספּאָנאַטן אין טראַקטאָר-פּאַרק פונעם עלעקטריפיקאַציע- און מעכאַניזאַציע-פּאַוויליאָן.

דעטאַלירטער פּאַוויליאָן אילוסטרירט פאַר אונדז, ווי אַזוי די מאַשין פאַרבײַט די מענטשלעכע מוסקולאַטור אין דער לאַנדווירטשאַפט און אינדוסטריע. קעגנשטעלנדיק די בויונגס-טעמפּען פון פ.ס.ס.ר. מיט די פאָרויקטע צפון-אַמעריקאַנישע שטאַטן, ווײַזט אונדז דער פּאַוויליאָן, ווי אַזוי עס ווערט פאַרווירקלעכט אין פ.ס.ס.ר. דער טרוים, וועגן אויפזעצן דעם פּויער אויפן טראַקטאָר און דעם אַרבעטער—אויפן אויטאָמאָביל. דער טראַקטאָר-פּאַרק פון אַמעריקע ציילט אָן 900,000 טראַקטאָרן, פ.ס.ס.ר. האָט זיך פאַרמאָסטן מיט דער קאַפּיטאַליסטישער אַמעריקע צו דעריאָגן און איבעריאָגן איר. אין לויפנדיקן יאָר דערגרייכט דער סאָוועטן-פאַרבאַנד זײַן טראַקטאָר-פּאַרק ביז 73 טויזנט טראַקטאָרן, צום סאָף פון 5-יאָר וועלן מיר באַרייכערט ווערן אויף 375 טויזנט און צום סאָף פון 1938-39 י. וועט דאָס „דעריאָגן און איבעריאָגן די פאָרויס-געשריטענע קאַפּיטאַליסטישע לענדער" אין דעם געביט, זײַן א געשעענער פאַקט. אונדזער טראַקטאָר-פּאַרק וועט אָנציילן אויף די קאָלווירטישע און סאָווירטישע פעלדער 940,000 שטאָלענע פערד. צוגלייך מיטן דאָזיקן וווּקס פון דער מאַשיניזאַציע אין גאַנצן פ.ס.ס.ר. וואַקסט אַלץ מער די צאָל מאַשינעס

אויך אין ו.ס.ס.ר., אויב אין 1924-25 י. איז ווייסרוסלאַנד באַזאָרגט געוואָרן מיט לאַנד-ווירטשאַפטלעכע מאַשינעס אויף א סומע 1,163,000 רובל, איז די רעפּובליק אין 1929-30 י. באַזאָרגט געוואָרן מיט לאַנדווירטשאַפטלעכע מאַשינעס אויף א סומע פון 8,222,000 רובל. אין ווייסרוסלאַנד איז אין 1924 י. געווען סאַכאַקל עטוואָס מער פון 2 צענדליק טראַקטאָרן, וואָס האָבן פאַרבייטן 225 פערד. אין 1927-28 י. איז פאָרגעקומען א וואוקס פון די דאָזיקע מאַשינעס ביז 1,375 פערד-קראַפט. אין 1930-טן יאָר האָבן שוין די קאָלווירטשישע און סאָווירטישע ערד-פלאַכן 188 טראַקטאָרן, וועלכע פאַרבייטן העכער פון 10,000 פערד-קראַפט.

באַם אײַנפירן אין ערד-אַרבעט די טראַקטאָרן און קאָמבײַנען, וועט מען דאַרפן פאַרטערן אויף יעדן העקטאַר ערד אין 25 מאָל ווייניקער מי, מען וועט דאַרפן אָפּגעבן נאָר 1 טאָג אויף באַאַרבעטן א העקטאַר ערד. דער טאָג פון זיגרייכן טריומף פון דער סאָוועטישער אויטאָמאָביל-פראָדוקציע וועט אָפּגעצייכנט ווערן אין 1937-38 י. דאַן וועט פ.ס.ס.ר. יערלעך אַרויסלאָזן 8,700,000 אויטאָמאָבילן, און די פאַראייניקטע שטאַטן — 5,358,000. דערדאָזיקער טריומף פון וואוקס פון דער אויטאָמאָביליזאַציע וועט שוין פראַקטיש דורכגעפירט. אויב פאַראַיאָרן האָט פ.ס.ס.ר. אַרויסגעלאָזן 2,000 אויטאָמאָבילן, איז איצט די דאָזיקע פּראָדוקציע אויסגעוואַקסן אין 6 מאָל. אין 1929-30 י. לויטן אָנהייב צוואָרן אַרויס 12 טויזנט אויטאָמאָבילן, און צום סוף פון 5-יאָר וועלן זיי אַרויסלאָזן 45 טויזנט אויטאָמאָבילן.

***

אין דער אָוונטיקער טונקלקייט, ווען אויף דער טעריטאָריע פון דער אויסשטעלונג צעפינקלען זיך טויזנטער פייערלעך, לאָזט זיך פילן מיט זיין פולן עפעקט פון דער עלעקטריפיצירטער „געשטאַלט" דער פאַוויליאָן פון עלעקטריפיקאַציע און מעכאַניזאַציע.

די מאָטאָרן און דיזעלן אין פאַוויליאָן דעמאָנסטרירן פאַר אונדז, ווי די סאָציאַליסטישע אינדוסטריע פירט די לאַנד באַשטאַנדיק אויפן וועג צו אַנטוויקלען נייע פּראָדוקציע-צווייגן און מאַכן איר אומאָפּהענגיק פון אויסלאַנד. דער עלעקטרישער מאָטאָר, וואָס רופט זיך אָן מיטן ערשטן בוכשטאַב פון וואָרט „אינדוסטריאַליזאַציע"—„אי", איליוסטרירט עס צום בולטסטן.

די דאָזיקע מאָטאָרן, וואָס עס האָבן אָנגעהויבן אַרויסלאָזן די סאָוועטישע זאַוואָדן פאַר די לעצטע יאָרן, טרעטן ניט אָפּ דעם וועג לויט זייער קראַפט און פלינקייט די בעסטע אויסלענדישע פירמעס. אַפּאַראַטן פון צונויפקאָכן מעטאַל האָבן מיר פריער באַקומען פון דער שווייץ—די אַלוועלטלעכע צושטעלערין פון די דאָזיקע אַפּאַראַטן (פירמע „בראָון באָווערי"), איצט האָט זי פאַרלאָרן איינעם פון אירע מערק—פ.ס.ס.ר. די דאָזיקע אַפּאַראַטן ווערן איצט אויסגעאַרבעט אויף די אייגענע זאַוואָדן. די לענינגראַדער און מאָסקווער זאַוואָדן „עלעקטראָקראַפט", „דינאַמאָ" גיבן שוין אַרויס א גאַנץ רייע עלעקטראָ-פּראָדוקציע: אַפּאַראַטן, וואָס ברענגען אין באַוועגונג טראַמווייען, וואָס פאַרוואַנדלען דעם צײַטווייליקן שטראָם אין א שטענדיקן.

דער פאַוויליאָן ווײַזט אונדז, ווי ווייט עס איז שוין אַוועק פאָרויס אויך ווייסרוסלאַנד אויפן וועג צו באַלויכטן זיך מיט איליטשס לעמפּעלע: די אַלגעמיינע קראַפט פון די ווייסרוסישע עלעקטראָסטאַנציעס האָט ביז דער מלחמה באַטראָפן 500 קילאָוואַט. אין 1927-28 י. צום אָנהייב פון אונדזער 5-יאָריקן פּלאַן האָט שוין די רעפּובליק פאַרמאָגט 14,130 קילאָוואַט און צום סוף פון 5-יאָר וועט 174,940 קילאָוואַט עלעקטריע באַלויכטן די רעפּובליק און ברענגען אין באַוועגונג אירע מאַשינעס. אויף די ווייסרוסישע

בלאָטעס האָט זיך אָנגעהויבן וועבן א נעץ פֿון עלעקטרעסטאַנציעס, וואָס איז אויסגעוואַקסן אַזאַ מעכטיקע עלעקטרישע האַרץ פֿון וו.ס.ס.ר., ווי „סטאַל נבוי" און אנד. קוואַלן, וואָס שפּייזן דער רעפּובליק מיט עלעקטריע.

## בא אָפענע סעמאַפֿאָרן.

דער הויפּט־פּראָזשעקטאָר פֿון דער אויסשטעלונג באַלויכט דעם פּאַוויליאָן פֿון וועג־פֿאַרקער מיט עלעקטרישער ליכט. אַף צווי פּאָנעס איבער דער פּאַוויליאָן־געבײַדע שלאָגן אַף א פּאָר שטראָמען בלויע פֿאַרב, וואָס באַוועגן זיך הין און צוריק איבער דער לענג פֿון די פֿאָכנדיקע לייוונטן. דאָס קוקן זיך איבער מיט די פֿאָכנדיקע פּאָנעס דורך די פֿאַרשיידנפֿאַרביקע גלאָז־קריזן, עלעקטרישע לעמפּלעך פֿון איבער הויל־צערנע און מעטאַלענע סלופּן, פֿון סעמאַפֿאָר־מאַשטשטעס באַם פּאַוויליאָן.

די פֿייערלעך באַווייזן, אז די קורסיר־וועגן זײַנען אָפֿן. אַרײַנקומענדיק אין פּאַוויליאָן גופֿע, זעען מיר ווי איבער די אָפענע אײַזנבאַן און וואַסער וועגן „שפּאַנען" מיט ווייער גאַנצן אויספּעט לאָקאָמאָטיוון, פּראַכט־ און פּאַסאַזשיר־וואַגאָנעס און דאַמף־שיפֿן. דיראַזיקע מאָדעלן און מאַקעטן פֿון טראַנספּאָרט ווערן באַגלייט מיט גראַנדיעזע קאַרטאָגראַמעס פֿון די טראַנספּאָרט־עקאָנאָמישע ראַיאָנען פֿון די ווײַסרוסישע אײַזנבאַן־וועגן און אילוסטרירן די אַנטוויקלונג פֿונעם וואַסער־טראַנספּאָרט פֿון וו.ס.ס.ר. איבער דער קאַרטאָגראַמע, וואָס אילוסטרירט די אַנטוויקלונג פֿון וואַסער־טראַנספּאָרט, ציען זיך דורך פֿאַרשיידנקאָלירטע פֿונקלדיקע פֿעדעם — וועגן פֿאַרן שיף־פֿאַרקער אין ווײַסרוסלאַנד. די טײַכן: סאָזש, דווינע, דניעפּער און פּריפּעטש פֿלעכטן איבער מיט זייערע וואַסערן די ווײַסרוסישע ערד.

דער טײַך־טראַנספּאָרט האָט שוין צו הײַנטיקן טאָג פֿאַר דער קורצער פּראַקטיק אין ווײַסרוסלאַנד באַוויזן גרויסע דערגרייכונגען. אין 1925 י. האָט דער וואַסער אַף זײַן נאַסן רוקן איבערגעטראַנספּאָרטירט 2,273,856 טאָן מאַסע. פֿון דעם 1,949,991 טאָן בוי־מאַטעריאַלן, די איבעריקע — ברויט, קוילן און אַנדערע פּראַכטן. אין די ווײַטערדיקע יאָרן האָט דער וואַסער־טראַנספּאָרט באַוויזן נאָך גרעסערע פֿעיִקייטן צו דינען דער סאָציאַליסטישער בויונג.

דער אַלגעמיינער קולטור־עקאָנאָמישער אויפֿשטײַג אין לאַנד דאַרף אויך סטימולירן דעם אויפֿשטײַג פֿון אײַזנבאַנען און וואַסער טראַנספּאָרט, קעדיי אָפּצומעקן פֿון אים דעם פֿלעק: „ענגער אָרט". אין פּאַוויליאָן קאָן מען זיך איבערצײַגן, אז אַף דעם זײַנען אָנגעווענדט די קרעפֿטן פֿון דער פּאַרטיי און רעגירונג און אַרבעטער־קלאַס. די אַרבעט ווערט באַגלייט מיט ראַציאָנאַליזאַטאָרישע מאָסמיטלען און הונדערטער אַרבעטער־דערפֿינדונגען.

*
**

דער אויפֿשטײַג פֿון דער קולטורעלער בויונג אין וו.ס.ס.ר. ווערט אילוסטרירט אין א רייע פּאַוויליאָנען. אין הויפּט־פּאַוויליאָן קאָנען מיר זיך באַקאָנען ווי וו. ס.ס.ר. האָט געשאַפֿן פֿון א קולטורעל אָפּגעשטאַנענע רעפּובליק ביז איצטער בא זיך די ערשטע פֿון אַלע רעפּובליקן פֿון ס.ס.ס.ר. אַלגעמיינע אָבליגאַטאָרישע בילדונג. אין דאָזיקן פּאַוויליאָן דעמאָנסטרירן ציפֿערן און עקספּאָנאַטן די גאַנג פֿון 7 יאָריקע שולן און דעם גאַנג פֿון ליקווידירן די אַמעראַציעס.

די דרוק־פּראָדוקציע האָט שוין א רײַכע דערפֿאַרונג פֿון באָלשעוויסטישן קאַמף פֿאַרן לעניניזם. אין דאָזיקן פּאַוויליאָן זעען מיר ווי אַזוי פֿאַר דער צאַרישער אָרדענונג האָבן

דער קלוגסטער און בעסטמעדריש פאַרפינצטערטע די מויכעס פון די אַרבעטגריקע. דערנאָך אַקטיאַבער-פּעריאָד איז געווען א פּעריאָד פון ברייטער אַנטוויקלונג פון דער קולטור-רעוואָלוציע. נאָר פאַר דער צייט פון 1927-1930 יאָר האָט דער ווייסמעלוכע-פאַרלאַג אַרויסגעגעבן 183 מיליאָן דרוקבויגן, אָפּגעדרוקט 5 מיליאָן ביכער. דערמיט זייַנען באַדינט געוואָרן פאַר דריי יאָר צייט 6,334 לערן-אַנשטאַלטן, 1,000 ביבליאָטעקן און פאָלק-הייזער.

די פּרעסע פון ווייסרוסלאַנד פאַרנעמט אַ גרויסן אָרט אין פּאַוויליאָן: 4 גרויסע טעגלעכע צייטונגען, 4 יוגנט און קינדער צייטונגען, 5 טעגלעכע קרייזישע צייטונגען פּאָליט-ראַוסקעס פון פאַבריקן, זאַוואָדן און קאָלווירטישע צייטונגען אָף ווייסרוסיש, יידיש, פּויליש און לעטיש. 21 פאַרשיידענע זשורנאַלן. אָט דאָס איז דער אָנהייב פון דער באַלשעוויסטישער דרוקאַרבעט פון סאָוועטן-ווייסרוסלאַנד. די ווירקלעכע טעמפּן קומען נאָך.

אין פּאַוויליאָן פון „ווייסמעלוכע-קינאָ“ זעען מיר, ווי ווייסרוסלאַנד האָט דערגרייכט פאַר די לעצטע יאָרן אין אייגענע קינאָ-פּראָדוקציע און האָט שוין אַרויסגעגעבן זעלבשטענדיק אַ סאַך אייגענע קינאָ-פילמעס.

אין דער רעפּובליק פון א קאָמפּליצירטן נאַציאָנאַלן איבערפלעכט ווערט איינגעפלאַנצט די פּראָלעטאַרישע קולטור אָף פאַרשיידענע שפּראַכן, דאָס איז מעגלעך בלויז אונטער דער אָנפירונג און א דאַנק דער ריכטיקער ליניע פון דער נאַציאָנאַלער פּראַגע פון דער קאָמוניסטישער פּאַרטיי.

פ. נאָוויק.

# דער יאַהודי איז צוריקגעקומען.

(סאָציאַלע איבערגרופּירונגען צווישן ייִדן אין אַמעריקע).

.1

דער קריזיס האָט געבראַכט ענדערונגען אין די קלאַסן־באַציִונגען צווישן ייִדן אין אַמעריקע. דער קריזיס האָט פּאַופּעריזירט (פאַראָרעמט) גרויסע שיכטן קליינבירגער און מיטלמענטשן. דער קריזיס האָט געבראַכט א גאַנצע „רעוואָלוציע" אין אַמעריקאַנישן ציוניזם, און האָט געבראַכט דער אָרטאָדאָקסיע סיי כאָרבן און סיי נײַעם אימפעט. אַף וויפל די פאָלגן פון דעם קריזיס האָבן זיך נאָך ניט קריסטאַליזירט, איז נאָך דערווײַלע שווער צו באַשטימען גענוי די ליניעס פון די נײַע איבערגרופּירונגען. עס איז נאָך ווײַט צו רעדן פון די פאָלגן, ווײַל דער קריזיס גופא האָט זיך נאָך ניט פאַרענדיקט, נאָר ער האַלט זיך ווײַטער און פאַרטיפט. די אַמנײַעסטעניש, די פּאַופּעריזירונג פון צענדליקער מיליאָנען פאַרמער—און צווישן זיי אויך א היבשער טייל פון דעם ביסל ייִדישע פאַרמער—וועט דעם פּראָצעס פון איבערגרופּירונג נאָך מער פאַרשאַרפן. דערווײַלע אָבער קען מען שוין, מער אָדער ווייניקער, אָנמערקן זיך די ריכטונג, וווּהין דער פּראָצעס פירט.

דער שיכט, וואָס ווערט געוויינלעך אָנגערופן „יאַהודים" (דײַטשישע ייִדן, אָדער דער צווייטער דאָר ווײַטער, אָדער נישדײַטשישע ייִדן, וואָס זײַנען דורך זייער אַשירעס אַרײַן אין דער יאַהודישער מישפּאָכע, זיך פאַרשריבן אין טעמפּל־„שטעטל", אָדער ביסלאַל אַוועלבע, וואָס גייען נאָך דער יאַהודישער פירערשאַפט), אָט דער שיכט האָט דורכגעמאַכט זײַן ציקל און איז צוריקגעקומען צו דער טאַטע אין דער ייִדיש־בירגער־לעכער וועלט. נאָך א רייִ אַטאַקעס און מילכאָמעס מיצאַד די „ברידער" פון דער „איסט־סאַיד" (מיזרעך־זײַט) אַף די „ברידער" פון דער „וועסט־סאַיד" (מײַרעוו־זײַט), מילכאָמעס פון נאַציאָנאַליזם קעגן אַסימילאַציע, פון דעמאָקראַטיע קעגן פּלוטאָ־קראַטיע, נאָך יאָרן, ווען דער „רעפאָרם־ייִד" איז פאַקטיש געווען באַזײַטיקט פון פירער־שאַפט אין דער ייִדיש־בירגערלעכער וועלט, און באַזונדערס שאַרף באַזײַטיקט אין דער ציוניסטישער וועלט, איז ער איצט, דער „יאַהודי", „צוריקגעקומען".

ווײַל דער קאַמף איז ניט געווען אַזוי פּאָשעט, נאַציאָנאַליזם קעגן אַסימילאַציע, דעמאָקראַטיע קעגן פּלוטאָקראַטיע, ווי דאָס האָט זיך די קעמפנדיקע צדדים אויסגעדאַכט, נאָר דער קאַמף האָט זיך גענומען פון די ענדערונגען, וואָס די מילכאָמע האָט אַרײַנגעטראָגן אין דעם סאָציאַלן באַשטאַנד פון דער ייִדישער באַפעלקערונג אין אַמעריקע. דאָס „צוריקקומען" פון דעם יאַהודי איז ווידער א רעזולטאַט פון אַזעלכע ענדערונגען אין די לעצטע יאָרן.

ווי אַזוי זײַנען געווען די קלאַסן־פאַרהעלטענישן אין „ייִדישן פאָלק" אין אַמעריקע פאַר דער מילכאָמע?

„פֿאַר דער מילכאָמע" איז אַ לאַנגער שטרײַט, און אין דעם שטרײַט איז די ייִדישע באַפֿעלקערונג ניט געווען פֿאַרגליווערט. עס איז אָבער געווען בײַבאַזאָקע פֿון פֿרײַער אַ באַשטימטע העגעמאָניע, וואָס פֿאַר דער מילכאָמע איז איר שווער געווען צו ברעכן. און געצויגן האָט זיך נאָך פֿון די ערשטע יאָרן פֿון דער גרויסער אימיגראַציע פֿון אַלטן רוסלאַנד, וועלכע האָט זיך אָנגעהויבן אין די אַכציקער יאָרן.

עס זײַנען געווען — פֿרײַער צענדליקער טויזנטער און דערנאָך הונדערטער טויזנטער — אימיגראַנטן, וואָס האָבן געאַרבעט אין די שוויץ־שעפּער, געשטופּט די האַנדל־וועגעלעך, געפּעדלט, געשטעלט קאָלומבוסן, געטראַכט וועגן דער „היים" אויף יענער זײַט ים, געזוכט איבערצוטראָגן די פּאַסטעמפּקעס פֿון דער „היים" אַהער, געראַנגלט זיך, אָפֿט בלינדער, נאַזו, קליינשטעטלדיק, פֿאַר פֿאַרשיידענע איזמען, געראַנגלט זיך בײַטער, אויף קרומע וועגן און צעפֿוילטע בריקן, פֿאַר אויגן, וואָס האָט געדראָפּט זײַן אַ פּראָפּע־קרומע וועגן און צעפֿוילטע בריקן, פֿאַר איזמען, וואָס האָט געדראָפּט זײַן אַ פּראָפּע־סיאַנגלע באַוועגונג (ווינאָגס). עס איז געווען אַסאַך כאַאָס און אַסאַך אימפּעט און ווייניק ציל־באַוווסטקייט און ווייניק קולטור. עס איז געווען אַ געטאָ געטאָפּלט אויף אַמעריקאַניש אין מאַסשטאַב. אַמעריקע גופֿא איז געווען ווײַט און פֿרעמד. אין עקספּלוי־אַטירט איז מען געוואָרן פֿון דעם פֿאַבריקאַנט — פֿרײַער אַ יאַהודי און שפּעטער אַ נאָב־געמאַכטער יאַהודי — און פֿון דעם צעפּוילטן און פֿאַרנעפּטן „אַרבעטער־פֿירער", און פֿון דעם צעפּוילטן און פֿאַרטריקנטן ייִדישן, אָדער ניט־ייִדישן (מײַסטנס ניט־ייִדישן) פֿאַרשטייער פֿון דער פּאָליטישער „מאַשין" פֿון דער „דעמאָקראַטיע".

דאָס איז, אַזוי צו זאָגן, געווען די באַזע. איבער דעם איז געווען עפּעס אַזוינס, ווי שיר ניט אַ מיטלקלאַס, אַ ספּעציעלער טיפּ אַזאַ, וואָס האָט געקראָגן דעם נאָמען „אַלרייטניק", און בײַ וועמען דאָס קולטורלאָזע און וואָלגאַרע איז געווען שטאַרק אונטערגעשטראָכן. געוואָקסן האָט זיך אָט דער האַלב־קליינבירגער און האַלב־מיטלקלאַס־מענטש צווישן דער גרויסער מאַסע, מיט וועמען ער האָט געלעבט און פֿון וועמען ער האָט געצויגן זײַן כויעך, און די „רײַכע ברידער" דאָרטן אויף מיזרעך־זײַט, די יאַהודים, וועלכע זײַנען אָנגעקומען אין דער וועלט פֿון האַנדל און פֿינאַנץ, מישן זיך אין הויך־פּאָליטיק, שפּאַרן אָן אין די הויכע פֿענצטער, און זײַנען אַ „קאָווער" און אַ „שטאַדלן" פֿאַרן ייִדישן פֿאָלק".

און דער „שטאַדלן", וועלכער האָט קיינמאָל די מאַסע ניט געקענט, מיט דער מאַסע זיך געשעמט, געהאַט כאַרפּעס־יבֿוישעס פֿון די „אָרימע גלויבנסגענאָסן", פֿון די „מיזרעך־ייִדן", האָט אין דערוועלביקער צײַט געוואָלט אָנהאַלטן אַפּיטראָפּסעס איבער זיי, אַסימילירן זיי, פֿירן זיי אין „לייטישע דרעכים", און טאַקע פֿאַרוואַנדלען זיי אין שטים־פֿי פֿאַר די קאַפּיטאַליסטישע פּאַרטייען.

דער באַלעבעסל, וואָס איז אַרויסגעקומען פֿון יענער זײַט ים און האָט אַריבערגעפֿלאַנצט אַהער די „ייִרושלעכע" האַסאָגעס, האָט געערט פֿון „אונדזער הוישעקאָב שיף" מיט גרויס רעספּעקט און זיך באַשעפֿטיקט מיט ציילן זײַנע מיליאָנען. אין דעם קלאַל זײַנען אַרײַן די מײַסטע „אַרבעטער־פֿירער" פֿון דער אַזוי־גערופֿענער „סאָציאַליסטישער באַוועגונג", וועלכע זײַנען געווען (און זײַנען) אין טאָך באַלעבעסלעך, מיט די זעלביקע „ייִרושלעכע" האַסאָגעס, מיטן זעלביקן „אַוואַ" פֿאַרן גויר, פֿאַרן שטאַדלען, וואָס שפּאַרט אָן בײַ נאַטשאַלסטווע, אָדער וואָס טראָגט אַליין נאָר אַ שטיקל קנעפּל. אויך די־דאָזיקע „אַרבעטער־פֿירער", „סאָציאַליסטן" האָבן אײַנגעפֿלאַנצט רעספּעקט צו די שיפֿס און מאַרשאַלס און בראַנדײַסעס, און געזוכט אײַנצושטילן די „שקאָצים" צווישן די אַרבעטער, וואָס האָבן קעגן די יאַהודים אָפּגעהויבן אַ כוצפּעדיקן טאָן.

האָבן די יאַהודים „פֿאַרטראָטן" דאָס „ייִדישע פֿאָלק" פֿאַר דער דרויסנדיקער וועלט, זיך מישטאַדל געווען, „באַשיצט" די פּראָטעסט-מיטינגען קעגן פּאָגראָמען, גע-קראָגן „פּובליסיטי" אין דער ענגלישער פּרעסע, אויסגענוצט זייער אויטאָריטעט אין צייט פֿון אַ גרויסן שטרייק, קעדיי דעם שטרייק אָפּצושטעלן. די פּרעסע, אויך די ייִדישע, פֿלעגט אין אַזעלכע פֿאַלן לאָזן וויסן מיט גרויסע ווערטער, אַז שיף, אָדער מאַרשאַל, רעדט, גייט, טוט, שרייבט באַקאָשעס, מישט זיך אַריין.

די באַוווסטזיניקערע עלעמענטן צווישן די אַרבעטער, וועלכע זיינען מיט דער אימיגראַציע פֿון 1905 קעמפֿערישער פֿאַרשטאַרקט געוואָרן, האָבן אָנגעהויבן קריגן אַלץ מער „חוצפּה", און מאַפּקאָלאָסאָך, צוליב דער שטעלונג פֿון דער אָפֿיציעלער „סאָציאַליסטישער" פּרעסע („פֿאָרווערטס"), וועלכע האָט קיינמאָל ניט פֿאַרלאָרן איר יִראַטאַ-קאָוועד פֿאַר די מאַרשאַלס, אָנגעהויבן אינגאַנצן איגנאָרירן דעם איניען יאַהודים. די ציִיאָניסטישע באַוועגונג האָט זיך געוואָלט אָנגעהויבן אַ שטיקל קאַמף פֿאַר „ייִדישע קע-הילעס", אָבער אויך דאָ האָבן זיך די מאַרשאַלס אַן אייצע געגעבן; זיי האָבן אין דער ניו-יאָרקער „קעהילע" אַריינגעשטעלט זייערן אַ האָרעוואַניק (מאַגנעס) און געמאַכט דערפֿון אַ נאָכשלעפּעניש נאָך זייער „אַמעריקאַן דזשויש קאָמיטע" (אַמעריקאַניש-ייִדישער קאָמיטעט).

די געטאָ איז אַרויס פֿון די גרענעצן פֿון „איסט בראָדוועי-סקווער" און האָט פֿאַר-נומען האַרלעם, איז אַריין אין בראָנקס, האָט אַנעקסירט שטיקער פֿון ברוקלין*). עס זיינען אויפֿגעוואַקסן ייִדישע מאַסן-קאָנצענטראַציעס אין ניו-יאָרק, שיקאַגאָ, פֿילאַדעלפֿיע און אַנדערע שטעט. די הערשאַפֿט פֿון די יאַהודים איבערן „ייִדישן פֿאָלק" איז פֿאַר-שוואַכט געוואָרן,—ניט געקוקט אויף דער פֿערמענטאַציע, וואָס איז אין דער געטאָ אָנגע-גאַנגען, ניט געקוקט אויף פּראָטעסטן, כויזעק-מאַכערײַ, פֿאַראַכטונג, וואָס די יאַהודים האָבן אין אַ גרויסער מאָס געקראָגן.

2.

די מילכאָמע-יאָרן האָבן די באַוועגונג קעגן דער הערשאַפֿט פֿון די יאַהודים „קריס-טאַליזירט" און דערפֿירט זי ביז אַ „רעוואָליוציע".

אין די יאָרן האָבן זיך מאַכן פּעדלער, פֿאַבריקאַנטן, אַגענטן, כמאָס לויפֿט מענטשן, אַרויסגעאַרבעט. אַמעריקע האָט געשאַרט גאָלד פֿון דער שכינע אין אייראָפּע, ספּעקו-ליאַנטן האָבן זיך דערהויבן ווי פֿיש אין וואַסער, און—מיטלענדער-ייִדן האָבן זיך דערשלאָגן צו קאַפּיטאַלן, ניט קיין אייניצלנע, וועלכע פֿלעגן זיך אין אַזעלכע פֿאַלן צושאַרן צו די יאַהודים, אײַנקויפֿן זיך אין זייער לאָזשע, נאָר גרויסע מאַסן, און זיי האָבן אָנגע-הויבן פֿאָדערן די מאַכט. דער באַלעבאָטישער פֿון דער געטאָ איז אַרויס אין קאַמף קעגן דעם יאַהודי פֿון דער „וועסט-סייד". עס האָט זיך אָנגעהויבן די „קאָנגרעס-באַוועגונג".

די פֿאַרבאַלעבאָטעוועטע אָפֿיציעלע „אַרבעטער-באַוועגונג", וועלכע האָט זיך אויך באַטייליקט אין דער „קאָנגרעס-באַוועגונג" אַ שטיקל צייט, קלוימערשט, זעלבשטענדיק, אונטער נאָמען „נאַציאָנאַלע אַרבעטער קאָמיטע", האָט געפּרוווט העלפֿן דער מאַר-שאַל-גרופּע אין קאַמף מיטן ציִיאָניסטישן אָנגריף, און האָט טאַקע ביז 1917 דעם אָנ-גריף געהאָלפֿן אָפּשלאָגן. אָבער די באַלפֿור-דעקלאַראַציע, וועלכע האָט אויך דעם

*) איסט-בראָדוויי—הויפט-גאַס פון אמאָליקן „יידישן קוואַרטאַל" אין ניו-יאָרק, רעזידענץ פון דער ארבעטער געלער פרעסע. האַרלעם, בראָנקס, ברוקלין—טיילן פון דער גרויס-שטאָט ניו-יאָרק"

ציעניזם אַרויסגעפֿירט אין די „הויכע פֿענצטער“, האָט די יאַהודים, מיט זייערע „אַרבעטער-פֿירער“ אַראָפּגעקלאַפּט פֿון די פֿיס.

ווען דעמלט האַלט זיך אין דער גרויסער אָנגריף פֿון דעם אַראָפּגעזעצטן מזרח-ייִד קעגן דעם יאַהודי. וואָס מער עס האָט זיך אַנטוויקלט די „פּראָספּעריטי“, וואָס די מלחמה און די יאָרן נאָך דער מלחמה האָבן געבראַכט, אַלץ מער האָט זיך דער אָנגריף אויסגעברייט, און האָט סקאַנדאַלעזער אַרומגענומען אויך דעם ציוניסטישן לאַגער גופֿא. אויב קעגן דער „אַמעריקאַן דזשויִש קאָמיטע“*) איז דער קאַמף געפֿירט געוואָרן קלוימרשט אונטער די לאָזונגען פֿון נאַציאָנאַליזם קעגן אַסימילאַציע, דעמאָקראַטיע קעגן פּלוטאָקראַטיע, איז ער אין ציוניסטישן לאַגער אָפֿן געפֿירט געוואָרן אונטערן לאָזונג: די נאָמען מאַכט דעם מזרח-ייִד! דער אַרײַנגעאַרבעטער באַלעבעסל פֿון דער נעכטן האָט ווילסאָנס ליבן וועגן „זעלבסטבאַשטימונג פֿון פֿעלקער“ קידוש-השם געגעבן אָנווענדן אין זײַנע אייגענע איניאַנים.

האָט די גרופּע, וואָס איז געפֿירט געוואָרן פֿון לויִס ליפּסקי (א „פֿאָלקס“ מענטש, א זון פֿון א פּאַשעטן „רוסישן“ שוחט, און א געוועזענער „סאָציאַליסט“ רעדנער) באַוויזן אַרויסצוציִען פֿון דער פֿירערשאַפֿט „אַים אַליין“, אויבער-ריכטער בראַנדייס, צוזאַמען מיטן ריכטער מעק, דע-האַאַז, שטראָס, און די אַנדערע. בפֿרט נאָך, אַז בראַנדייס האָט זיך געראָט פֿאַרמאָסטן קעגן דער „וועלט“-פֿירערשאַפֿט פֿון דעם פּויליש-ענגלישן ווײַצמאַן, וואָס דאָס איז שוין נאָר געווען מאַיעסטעט-באַליידיקונג קעגן דעם ניי-אויפֿגעקומענעם באַלעבאָס אויף דער „ייִדישער גאַס“.

דער אויפֿגעקומענער האָט געוויזן און האָט גענומען באַווײַזן וואָס ער קען. די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציע האָט אָנגעהויבן אַרויס פּילישטימלאָגיקע דרייוום און האָט ווידער געשלאָגן דער פֿאַלעסטינע-קאָמפּאַניע, וואָס די בראַנדייס-גרופּע האָט געראָט געגרינדעט, נאָכדעם ווי די איז באַוויזיקט געוואָרן פֿון דער ציוניסטישער פֿירערשאַפֿט. „מיר וועלן זען, ווער עס וועט שאַפֿן מער געלט“, האָט דער ניו-יאָרקער „פּאָליטישער“ שטראַם אויסגערופֿן אין קליוולענד אין 1921. ער האָט אָבער ניט באַגריפֿן די נעגע-רעטע סיטואַציע, און אַז טאַקע די סיטואַציע איז פֿאַראַנטוואָרטלעך געווען פֿאַר דער „רעוואָלוציע“ אין די ציוניסטישע רייען אין קליוולענד אין 1921. די ליפּסקי-אַדמי-ניסטראַציע האָט ניט געזאַמלט געלט, און אַפֿאַך געלט, און האָט אויסגעגעבן א מיליאָן דאָלאַר א יאָר אויף אַדמיניסטראַטיווע הוצאות, און האָט אויפֿגעשטעלט אזא „מאַשין“, וואָס די ציוניסטישע אָרגאַניזאַציעס האָט עס ניט געזען פֿריער. אָבער האָט רעדל האָט זיך איבערגעדרייט, איז טאַקע אין זעלביקן קליוולענד אין 1930 פֿאָרגעקומען די רעסטאַוראַציע!

דער קריזיס, וועלכער צייט אָפֿיציעל זײַן ייִבעם פֿון דעם וואָל-סטריט קראַך, אין אָקטיאָבער 1929, איז אָבער אָנגעוואַקסן אין משך פֿון א לאַנגער צײַט פֿאַר דעם. באַם ייִדישן באַלעבעסל, באַם קרעמער, אגענט, ספּעקולאַנט, און לופֿט-מענטש בכלל האָט זיך דער קריזיס אָנגעהויבן, קען מען זאָגן, מיט א פּאָר יאָר פֿאַרן אָקטיאָבער-קראַך. אין משך פֿון דער צײַט איז די קאָנצענטראַציע פֿון קאַפּיטאַל פֿאָרגעקומען מיט מיט-רעדיקן אימפּעט. דער באַלעבעסל איז אַרויסגעשלאָגן געוואָרן פֿון זײַן פּאָזיציע דורך דער „טשעין-סטאָר“ (קייטן-קראָם, וואָס געהערט צו א טראַסט, וואָס פֿאַרמאָגט א גאַנצע „קייט“ קראָמען איבערן לאַנד), דורך דעם טראַסט בכלל. די „החאַזים (קאָמפּאַניעס) האָבן אָנגעהויבן ווערן שווערער. צוזאַמען מיט דער שלימאַזלדיקער לאַגע אין פּאַלעסטינע איז דעם באַלעבעסל געוואָרן אַלץ ענגער און ענגער. ווײַצמאַן האָט זיך

*) דער יאַהודימשער „אַמעריקאַנישער-ייִדישער-קאָמיטעט“, מיט מאַרשאַלן אַלס פּרעזידענט.

גענומען דיקן אליין נענטער צו לויִס מאַרשאַל. דער באַלעבעסל האָט זיך צום אָנהויב געקריוועט, ניט געוואָלט עס פאַרלירן, געסטראַשעט מיט „רעוואָלוציעס", אָבער ווײַ־טאָן אין ליפּסקי האָבן שוין געפילט, אַז די שפּיל איז פאַרן טייוול. די „איזראַוויִשענס", וועלכע איז געווען דורך און דורך א געלט־שידעך (מען האָט געהאַפט צוקומען צו די מיליאָנען פון די יאַהודים), איז געווען דער אָנהויב פון דעם סאָף פון דעם אָפּגעקומענעם באַלעבעסל.

דאָ, אפן וועלט־מאַסשטאַב, האָט געשפּילט די ראָל דער פאַקט, וואָס אין מיזרעך־אייראָפּע איז דער ציוניזם אין איין לאַנד, אין האַנט־פאַרבאַנד, קימאַט אינגאַנצן אָפּגעווישט, און אין די אַנדערע לענדער, אין פּוילן, רומעניע, זײַנען די עקאָנאָמישע פּאָזיציעס פון דעם ציוניסטישן באַלעבעסל אָפּגעוויקעט געוואָרן. און צווישן דעם מאַגנאַט אַלפרעד מאָנד (אָדער לאָרד מעלטשעט) און דעם מאַגנאַט פעליקס וואַרבורג איז פאָרט פאַראַן מער געמיינזאַמעס ווי צווישן דעם ציוניסט אַלפרעד מאָנד און דעם ציוניסט כאַיִם ווײַצמאַן.

דער יאַהודי האָט געקראָגן אַפּיטראָפּסעס איבערן ציוניזם אין „וועלט"־מאַסשטאַב, און עס האָט שוין פון זיך אליין אַרויסגעדרונגען, אַז אויך איבערן אינגערלעכן, אַמעריקאַנישן מאַסשטאַב מוז ער קריגן די מאַכט, און די פולע מאַכט. בפֿראַט נאָך, ווען עס האָט זיך „אונטערגעריקט" א וואָלסטריט קראַך, א פּערמאַנענטער קראַך אַזאַ, און די לעצטע פּאָזיציעס פון דעם באַלעבעסל זײַנען צעשמעטערט געוואָרן. אין קליוולענד אין 1930 איז דער פעדעראַציע־ספּעקולאַנט און מיטלמעסיש אַפילע ניט באַרימט געוואָרן. ער איז פּאָשעט אַף די קני געקומען צו דער בראַנדייס־גרופּע. האָבנדיק פאַר זיך א זיכערע מערהייט, האָט ער פונדעסטוועגן איבערגעגעבן די גאַנצע „אָרגאַניזאַציע" — א צעשמעטערטע, א באַנקראָטירטע, — אין די הענט פון בראַנדייסעס „רעפאָרמערס", (אָפּגעהיט — פון דער רעגירונג — אין צײַט פון א באַנקראָט).

.3

דער יאַהודי איז „געקומען צוריק", אָבער נאָר אַף אַנדערע פּאָזיציעס, וואָס אַמאָל, און פּרט דאָרט דורך שאַרנט דיווערביקע לוגיע, וואָס אַמאָל.

נאַפּאָלעאָן האָט געזאָגט, אַז מיט א סוינע טאָר מען צו לאַנג ניט קעמפן, אַניט נעמט ער בײַ דיר איבער דײַנע פּאָרמען פון קאַמף. די יאַהודים האָבן אַזוי לאַנג געקעמפט מיט די ציוניסטן, אַז זיי האָבן איבערגענומען בײַ די לעצטע א טייל פון זייערע מעטאָדן. מען וואַרפט אַרײַן א וואָרט פאַר „פּאַלעסטינע" ווען דאָס איז נייטיק, מען מאַכט אן אָנשטעל פון „פּאָלקסמעסיקייט", מען פּרוּווט טאָן זאַכן מער דיפּלאָמאַטיש, מער הינטן־אַרום, און ווייניקער אָפּנדיקטאַטאָריש, ווי אַמאָל. ניטאָ דער אַמאָליקער „גלאַנץ". די סאַמע וויכטיקע סיבעס, וואָס פאַרמינערן אַזוי דעם „גלאַנץ" פון יאַהודימישן „צוריקקומען", ליגן אָבער פיל טיפער. עס איז דאָ אַזאַ זאַך, ווי דער האַנט־פאַרבאַנד. עס איז דאָ אן אַלגעמיינער קיוּם פון קאַפּיטאַל, און עס איז דאָ א רעוואָלוציאָנערע באַוועגונג צווישן די יידישע אַרבעטער, וואָס פירט א קאַמף סיי קעגן באַלעבעסל און סיי קעגן באַלעבאָס, און פאַר איטלעכן קעגן זייערע מעשאָרסים, די „אַרבעטער־פירער" אַף איבערבראַכווע.

די לעצטע, וועלכע זײַנען נאָך דער מילכאָמע אַליין אַרײַן אין דער קאַטעגאָריע פון אָלרײַטניקעס, זײַנען אַריבער צום באַלעבעסלשן אָלרײַטניק, און ציוניסטישן לאַגער. געשריִען אַזאַ פאַר פּאַלעסטינע. אין דערזעלבער צײַט האָבן די „אַרבעטער־

"פירער" פון איסט־בראָדוויי באַוויזן ניט אויפצוגעבן זייער אָנגעהעריקייט צו די יאַהו־דים, און עס איז ווי איצט לייכט אָנגעקומען אויסצוקריטיקירן זיך, אָבער צוליב דעם באַנקראָט וועגן, צוליב דער עקזיסטענץ פון דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג צווישן די יידישע אַרבעטער, איז די הילף פון איסט־בראָדוויי פאַר די יאַהודים פון קאַפּיטאַלער באַדייטונג.

דער ראַטנפאַרבאַנד האָט די יאַהודים קאַליע געמאַכט די מאַראָנע. מיטן אַלטן צאַרישן רוסלאַנד האָבן די יאַהודים פאַרלאָרן א גרויסן געביט פון "אַרבעט" פאַר די "אָרעמע גלויבנסגענאָסן". די "ברידער פון מיזרעך" אין אַלטן רוסלאַנד זיינען גע־ווען פיל אָנגענעמער ווי די "ברידער" אויף דער "איסט־סייד", ווייל די ערשטע זיינען געווען פונדערווייטנס און ווי פלעגן די יאַהודים ניט פאַרשעמען דעם פּאָנעם אין די אויגן פון די אַמעריקאַנישע "חשובע־לייט". בפרט, ווען אין דער אַמעריקע פון פאַר דער מילכאָמע איז געווען אַזוי אין דער מאָדע צו צאָרענען אַפן "שרעקלעכן צאַר", וואָס הערשט אין "פינצטערן רוסלאַנד".

די קלאַסנליניע איז נאָך ניט געווען אַזוי פאַרשאַרפט, און אַמעריקע איז נאָך ניט געווען דער באַנקיר פון דער וועלט. די צאַרישע רעגירונג פלעגט לייען געלט אין פאַריז און אין לאָנדאָן. דער יונגער אַמעריקאַנישער קאַפּיטאַליזם, וועלכער איז ערשט געקראָכן אַפן לייטער און מיט קינע און פאַרדראָס געקוקט אַרויף, האָט זיך געקענט פאַרגינען וואָס העכער צו שרייען קעגן צאַריזם, קעדיי צו דיסקרעדיטירן "מאָראַליש" די באַנקירן פון אייראָפע. איצט, אָבער, האָט זיך דער איניען שאַרף געענדערט אין אַלע פּראָטים.

דער ראַטנפאַרבאַנד האָט אָפּגענומען בא די יאַהודים א געביט פון "אַרבעט". ס'איז ניטאָ קיין "גלויבנסגענאָסן", אויף וועמען אויסצוגיסן ראַכמאָנעס. טאָמער האָבן זיך די יאַהודים דאָרטן פאַרנומען מיט העלפן דער קאָלאָניזיר־אַרבעט, ווייסן דאָך אַלע, אַז אין דער אַרבעט האָט פון אָנהייב דעם גרעסטן טייל געטאָן די ראַטנרעגירונג גופע. ווייסן דאָך אַלע אויך, אַז אין אַנדערע לענדער, ווו די יאַהודים האָבן אויסגעגעבן פיל מער געלט, האָבן זיי צו אַזא אַרבעט גאָרניט געקענט צוטרעטן אַפילע. און איצט ווערט אין ראַטנפאַרבאַנד די אַרבעט א י נ ג אַ נ צ ן (די "חשובע"־אַרבעט שפּילט א קנאַ־פע ראָלע!) געטאָן פון דער רעגירונג. ניי, קאָנקורירט מיט איר!

פון דער אַנדערער זייט קען מען שוין איצט ניט קלאָגן אויף די פּאָגראָמען אין פוילן און רומעניע, ווי מען פלעגט אַמאָל קלאָגן אויף די פּאָגראָמען אין צאַרישן רוסלאַנד. פוילן און רומעניע זיינען "קינדער" בא וואָל־סטריט. פוילן און רומעניע, ווי אַנדערע לענ־דער פון אייראָפע, זיינען געביטן, ווו דער אַמעריקאַנישער קאַפּיטאַל שפּרייט אויס זיין עקאָנאָמישע, און העכער אויך—פּאָליטישע הערשאַפט. פוילן און רומעניע זיינען א טייל פון דעם "באַריער", וואָס "האַלט אָפּ" דעם "באָלשעוויזם פון מיזרעך". און פוילן און רומעניע זיינען טיילן פון אַלוועלטלעכן פאַשיזם, וואָס ווערט געשטיצט מיט אַמערי־קאַנישע מיליאָנען. ניין, דער באַנקיר וואַרבורג קען ניט אַרויסטרעטן קעגן פוילן און רומעניע!

לאָזן די יאַהודים אַפילע ניט פּראָטעסטירן קעגן די פּאָגראָמען אין רומעניע. קלאַפּן די באַלעבאַטלעך צונויף א פּראָטעסטמיטינג, קומט מאַרשאַל און לאָזט ניט אָננעמען קיין רעזאָלוציע. דאָס איז געווען אין 1928. איצט ווייסן שוין די באַלעבאַטלעך אַליין וואָס מען האָט צו טאָן. מען מאַכט שוין אַפילע ניט קיין פּרוּוו צו פּראָטעסטירן. א פאַשיסטישע מאַכט טאָר מען ניט דיסקרעדיטירן, טאָר מען ניט שעדיקן איר קרעדיט. פאַרן פאַשיזם מעג מען מאַקריעוו זיין אַפילע יידן פון צייט צו צייט. און "ראַבאַי" ווייז, פירער פון דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע, גייט מיט א דעלעגאַציע באַלעבאַטלעך

צום רומעניִשן קאָנסול (אויגוסט 1930) און לאָזט אים וויסן, אַז „דאָס ייִדישע פֿאָלק" פֿון אַמעריקע איז פֿאַרטרעטערט אין דער נײַער און פֿ א ר ג ר ע ס ע ר ט ע ר רומעניע (אַ ווינק אויף בעסאַראַביע!).

ניטאָ, ניטאָ ווו צו „העלפֿן" דעם „ייִדישן פֿאָלק!" און דאָ האָט זיך אונטערגערוקט אַזאַ קריזיס!

דער קריזיס וועלכער האָט פֿון דעם באַלעבעסל אַרויסגעקלאַפּט דאָס לעצטע פּיצל באָדן, האָט גענומען דרעלעווען דעם באָדן באַם יאַהודי. אויף וואָליסטריט, ווו ער געפֿינט זיך, האַלט עס אין איין קראַכן. עס קראַכן די אינגעשטויער. מיליאָנען אַרבעטער גייען אַרום ליידיק, און פֿינף־וועקס קוואַרטאַלן פֿון וואָליסטריט שטייען טויזנטער אַרבעטסלאָזע אין די רייען. וואַלגערן זיך אַרבעטסלאָזע אויף די טראָטואַרן. און די קאָמוניסטן, צווישן וועלכע עס געפֿינען זיך אויך „אומחזירע ברודער", דעמאָנסטרירן! ניי, העלף דעם ייִדישן פֿאָלק!

וואָלט פּאַלעסטינע כאָטש געווען אַן אינזעל, וואָלט מען כאָטש דאָרט געקענט מאַכן אַ שטיקל אָנשטעל. מען האָט דאָך עפּעס אַן אַגענטור („אימחושעגעסי"), און עס שטייט דאָך געשריבן, אַז די אַגענטור דאַרף דאָך „העלפֿן ענגלאַנד" אין פּאַלעסטינע, אַז ענגלאַנד דאַרף זיך מיט דער „אַגענטור" מעיאַשעוו זײַן װעגן די אינ־יאָגים פֿון דער „הײם". אָבער... וואָס איז דאָ פֿאַראַן צו רײדן! קען טאַקע זײַן, אַז עס איז דאָ אַ ישטיק עמעס אין די מייסעס פֿון די זשאַבאָטינסקיאַנער, אַז די „אימחושעגעסי" האַלט האַדיִם — ניט ווי קענען זיך איצט וואַרפֿן מיט מיליאָנען און ניט עס איז דאָ אויף וואָס! (אָדער דעם גאַראָן, צוליב וועלכן דער שידעך איז געשלאָסן געוואָרן), און די יאַבאַם פּלאַצן, די ציעניסטן זײַנען אַנטצאַפּירן, וואָס די יאַהודים גיבן ניט קיין געלט

פּאַלעסטינע האָט אָבער אויך אויסגענוצט טרויעטע מאַסן אין אַמעריקע גופֿע. דאָס „ייִדישע פֿאָלק" אין אַמעריקע, וואָס איז בײַם דער פּאַלעסטינע־וואַקבאַנאַליע אַזוי שאַרף צעשפּאָלטן געוואָרן, דורכן עקאָנאָמישן אָנגריף פֿון די רעוואָלוציאָנערע אַרבעטער, ווערט אַלץ מער דיפֿערענצירט. עס איז שוין צו קלאָר פֿאַר אַלעמען, אַז עס איז ניט פֿאַראַן קיין „איין ייִדישע אומע", ווי מען האָט געקענט אין די אַלטע גוטע צײַטן פּלאַפּלען אין דעם „רעפֿאָרם־טעמפּל", אָדער ווו עס איז. אַלץ מער זעט זיך דער באַנקראָט פֿון פּאַלעסטינע און די ראָל פֿון ציעניזם אין דער אימפּעריאַליסטישער פּאָליטיק. אַלץ מער זעט זיך דער פֿאַרבאַנד פֿון רויטער יוזר. פּלוטאָקראַטיע אין דעם ייִדישן שאָוויניזם מיטן אימפּעריאַליזם און פֿאַשיזם, ניט געקוקט אויף דער אויסראָטונגס־פּאָליטיק פֿון די פֿאַשיסטישע רעגירונגען בנוגע דער ייִדישער באַפֿעלקערונג. דאָס אַלץ דיפֿערענצירט, ניכטערט אויס אַלץ מער טיילן פֿון דעם „עם ישׂראל אחד", פֿון דעם „איינהייטלעכן ייִדישן פֿאָלק", און די מאַסן ווערן אַלץ מער פֿאַראָרעמט, און דערזעען אַלץ מער ווייער באַרגלאָזיקייט אין דער איצטיקער אָרדענונג, ווו וואָליסטריט פֿירט די גרענדע. און די רעוואָלוציאָנערע ייִדישע אַרבעטער וועקן און רופֿן, אָרגאַניזירן די מאַסן צום קאַמף.

דער יאַהודי איז צוריקגעקומען צו דער הערשאַפֿט איבערן „ייִדישן פֿאָלק" אין דריטן פּעריאָד. ניטאָ וואָס מעקאַנע צו זײַן אַזאַ הערשאַפֿט.

י. ליובאָמירסקי.

# די ערשטע קונסט-אָלימפּיאַדע אין ראַטנפאַרבאַנד.

## די פּאָליטישע באַדײַטונג פון דער קונסט-אָלימפּיאַדע.

די ערשטע ראַטנפאַרבאַנדישע קונסט-אָלימפּיאַדע איז קאָדעמקאָל אַ מעכטיקע דעמאָנסטראַציע פון דער ריכטיקער נאַציאָנאַלער פּאָליטיק פון דער ראַטנמאַכט.

די וויכטיקע רעזולטאַטן, וואָס די אָלימפּיאַדע האָט געבראַכט, האָבן אָנגעוויזן די אויגן דער גאַנצער וועלט. זיי האָבן אַרויסגערופן די באַוווּנדערונג און אַנטציקונג פון די פרײַנט פונעם ראַטנפאַרבאַנד און אַ האַרצווייטיק און אַ קריצן מיט די ציין מיצד די סאָנים פונעם ראַטנפאַרבאַנד, באַזונדערס מיצד קאָלאָניאַל-שאָוויניסטן און עמיגראַנטן, וועלכע האַלטן אין איין טײַנען, אַז די ראַטנמעלוכע איז אַ שטיף-מאַמע, אַ טורמע פאַר די פעלקער, וועלכע האָבן זיך אײַנגעשלאָסן אין איר פאַרבאַנד.

ווי הויך עס איז די אָפּשאַצונג פון די אָלימפּיאַדע-רעזולטאַטן באַווײַזט דער פאַקט, אַז מיט 3 טעאַטערן פון די, וועלכע האָבן גענומען אָנטייל אין דער קונסט-אָלימפּיאַדע — מיטן גרוזינישן רוסטאַוועלי-טעאַטער, מיטן ווײַסרוסישן מעלוכישן ייִדישן און מיטן אוקראַיִנישן — האָבן אויסלענדישע אונטערנעמער שוין געשלאָסן אָפּמאַכן, זיי זאָלן גאַסטראָלירן אין מערב-אייראָפּע און אַמעריקע. געווים וועלן פאַרן ראַטנפאַרבאַנד אַ וויכטיקע באַדײַטונג האָבן די גאַסטראָלן.

נאָר פיל וויכטיקער פון אָט די גאַסטראָלן איז די באַגעגעניש, וואָס די קונסט-טוער פון פאַרשיידענע נאַציאָנאַליטעטן האָבן דאָ געקראָגן, די באַקאַנטשאַפט איינס מיטן אַנדערן, דער מעכטיקער שטויס צו אינטערנאַציאָנאַלער דערציִונג, וואָס די אָלימפּיאַדע האָט געגעבן — דאָס איז ניט געווען — ווי אין די קאַפּיטאַליסטישע לענדער — ווער וועמען וועט אַריבערשטײַגן, אַריבעריאָגן, מען איז געקומען זיך לערנען איינער בײַם צווייטן, אָנווײַזן אויף די פעלערן, וואָס זײַנען פאַראַן אין דער אַרבעט, זיך טיילן מיט די דערגרייכונגען.

אַ מערקווירדיקע דערשײַנונג: מאָסקווע, וואָס איז ביז אַהער געווען די טאָנאָנגעבערין אין אַלערליי קולטור-געביטן און בעסוכעם אין געביט פון קונסט, האָט אויף איטלעכע אופנים טיילווײַז געמוזט אָפּטרעטן דעם אויבנאָן. דער גרויסרוסישער שאָוויניזם האָט דאָ געקראָגן אַ היפּשן קלאַפּ.

## ווער און ווי אַזוי האָט גענומען אָנטייל אין דער אָלימפּיאַדע.

14 נאַציאָנאַליטעטן האָבן גענומען אָנטייל אין דער קונסט-אָלימפּיאַדע: די רוסישע (לענינגראַדער „טראַם" און האַנטמאַנאַ-טעאַטער), די אוקראַיִנער (קראַסנאָזאַוואָדסקער טעאַטער און „וועסעלי פּראָלעטאַר"), די אוזבעקן (דראַמע און מוזיקאַלישע דראַמע), די

טעאַטערן (אַקאַדעמישער דראַמאַטישער טעאַטער און אָפּערן־טעאַטער) די ווײַסרוסן, די גרוזינער (ערשטער מעלוכישער רוסטאַוועלי־טעאַטער), די יידן (ווײַסרוסישער מעלוכישער יידישער טעאַטער), די טערקן (אַזערבײַדזשאַנער קונסטלערישער טעאַטער), די אַרמענער, די לאַטווישן, די באַשקירן, די טאַטאַרן, די מאַריער (טשערעמיסן). אײניקע פֿון זיי האָבן פֿאָרגעשטעלט מיט 2 טעאַטערן, סאַך־הכל האָבן דעמאָנסטרירט זייער קונסט 17 טעאַטערן, וועלכע האָבן אין אַלגעמײן געגעבן ספּעציעל צוליב דער אָלימפּיאַדע 30 ספּעקטאַקלען. חוץ דעם, האָבן זיי דורכגעפֿירט 8 עסטראַדישע אָוונטן (פֿאָלק־מוזיק און טענץ). לויט די ידיעות, וואָס ווײַזן נאָך ניט ווי געהעריק דורכקאָנטראָלירט, האָבן אַט די פֿאָרשטעלונגען באַזוכט 35 טויזנט אַרבעטער־צושויער. אַבער די אָפֿיציעלע אָוונטן איז דורכגעפֿירט געוואָרן אַ גרויסע מאַסן־אַרבעט. פֿײַערלעכע באַגעגעניש מיט אַרבעטער און רויטאַרמייער (23 אַרויספֿאָרן אין די מאָסקווער קלובן און קאַזאַרמעס). אויף אַט די צוזאַמענטרעפֿונגען זײַנען באַטײליקט אַן ערך 100 טויזנט מענטשן און מען האָט ניט נאָר געקוקט און געהערט, מען האָט זיך אַרויסגעזאָגט אויף די דיספּוטן, שמועסן און דורך אַנקעטעס.

מיט די אָנטײלנעמער פֿון דער אָלימפּיאַדע (אַקטיאָרן, רעזשיסאָרן, מוזיקער א.אַ.וו. — אַן ערך 600 מאַן) האָט מען דורכגעפֿירט אַ גרויסע אויפֿקלער־אַרבעט. פּאָליטישע לעקציעס, וועגן טעאַטער־קונסט, דיספּוטן, קאָלעקטיווע באַזוכונגען אין מוזייען, קונסט־אויסשטעלונגען, אָרגאַניזירט דורך דער קאָמוניסטישער אַקאַדעמיע.

## דער רעפּערטואַר.

ווײַטער אינטערעסאַנטע דערשײַנונגען האָבן זיך אויף דער אָלימפּיאַדע אַרויסגעוויזן אין פֿראַגע פֿון רעפּערטואַר, פֿון נאַציאָנאַלער דראַמאַטורגיע.

גראָד בײַ די פֿעלקער, וואָס פֿאַרמאָגן די סאַמע יונגע טעאַטערן, וואַקסט שנעלער די יונגע דראַמאַטורגיע, בשעת די פֿעלקער, וואָס פֿאַרמאָגן אַ היפּשע טעאַטער־געשיכטע לעבן איבער אין פֿראַגע פֿון געוועזענער פּראָלעטאַרישער דראַמאַטורגיע אַ קריזיס. אַט צ. ב. דער סאַמע יונגער טעאַטער פֿון אָלימפּיאַדע, דער מאַרינער נאַציאָנאַלער טעאַטער, וועלכע איז סך־הכל... 9 חדשים אַלט האָט שוין 6 אָריגינעלע פּיעסן (וועלכע באַרירן אַקטועלע טעמעס), פֿון וועלכע ער האָט צוויי געשפּילט אויף דער אָלימפּיאַדע, בשעת דער גרוזינישער ערשטער מעלוכישער רוסטאַוועלי־טעאַטער און דער מעלוכישער אַרמענישער — טעאַטערן מיט אַ הונדערט יאָר צוריק קולטור — האָבן קיין איין אָריגינעלע פּיעסע מיט אַן אַקטועלער פּראָבלעם ניט געבראַכט.

דער אוזבעקישער טעאַטער, וואָס איז קוים 4 יאָר אַלט, האָט אויך געבראַכט 5 אָריגינעלע פּיעסן, וואָס באַהאַנדלען ווײַכטיקע מאָדערנע סאָציאַלע און שטײַגערישע דערשײַנונגען.

עס איז קיין ווונדער ניט, וואָס אײניקע אָנטײלנעמער פֿון דער אָלימפּיאַדע זײַנען אַרויסגעטראָטן בלויז מיט פּיעסן, איבערגעזעצטע אָדער פֿון רוסיש, אָדער פֿון דער אײראָפּעיש־קלאַסישער דראַמאַטורגיע. און ניט נאָר אין דער אָלימפּיאַדע, נאָר אויך בײַ זיך באַנוצן זיי אָפֿט איבערזעצונגען פֿון רוסישן רעוואָלוציאָנערן רעפּערטואַר.

דאָס דערווײַזט ווידעראַמאָל אַן נאָכאַמאָל, ווי מעכטיק עס איז די אָנפֿירנדיקע ראָל פֿון דער פּראָלעטאַרישער דיקטאַטור און פֿון איר וועגווײַזער — פֿון דער קאָמוניסטישער פּאַרטײ, וועלכע איז דורכגעפֿירט מיט אַ נאַציאָנאַל־דעמאָקראַטישער. אָדער

מיט א שאָוויניסטישער פּסיכאָ-אידעאָלאָגיע און שפּילן זיך בילכער מיט איבערזעצונגען און, צווייטנס, דאָס ווײַזט, ווי דער באַוווּסטזײַן פֿונעם פּראָלעטאַרישן צושויער איז אויסגעוואַקסן, אַז מען מוז פֿון ווײַנגעטידיגן צוקלײַבן די פּאַסיקע אידעאָלאָגישע שפּײַז.

אלס רעזולטאַט האָבן מיר אױף דער אָלימפּיאַדע געהאַט נאָר א גרויסן פּראָצענט (קימאַט 80%) רעוואָלוציאָנערע פּיעסן; בײַ די גרוזינער „אַנזאַר" (אין איבערזעצונג פֿונעם „פּאַנצער-צוג 1469") בײַ די ווײַסרוסן — „די האַטע" („דער גלאָז-האָזאַר") „צווישן שטורעמס" (די רויטע אַרמיי אין פֿרידנצײַט), בײַ די אוזבעקן — „די שטריקער פֿון בוימוואָל", „דער אָנגריף" (טעמע — די באַפֿרײַונג פֿון דער פֿרוי), „צוויי קאָמוניסטן", בײַ די ייִדן — „שעפּסנקיזאַל" און „דער טרייבער", בײַ די אוקראַינער — „דיקטאַטור" און „קאָמוניסטן" (קראַסנאָגוואַרדייער טעאַטער), בעזימענסקים — „שאָס" און „ריק, אײַך פֿאָטאָגראַפֿיר" („ווענציאַלי פּראָלעטאַר"), בײַ די טאָטערן — „דער פֿײַער-רינג" (די טעמע — בירגער-קריג), „איל" (געשיכטלעכער עפּיזאָד פֿונעם קאַמף צווישן די פּויערים און די פּריצים) און „דער אַרבעטער" (אָפּערע), בײַ די אַרמענער — ואַנאָזוסקים — „גרימצאָרן" א. א. וו.

כאָטש דער רעפּערטואַר פֿון דער אָלימפּיאַדע, אין אַלגעמיין גענומען, איז געווען דורכגעדרונגען מיט א געוויסער אייניקייט אין פּראַט פֿון אידעאָלאָגישער ציל-אײַנשטעלונג און ציל-אָנווענדונג, דאָך האָבן מיר דאָ א ריי שטעלן ניט קלאָרע און אָפּגעפֿרעמטע פֿון קלאַסן-שטאַנדפּונקט.

אָט, צ. ב., די פּיעסע „לאַמאַראַ", וואָס דער גרוזינישער רוסטאַוועלי-טעאַטער האָט דעמאָנסטרירט אויף דער אָלימפּיאַדע. איר טעמע איז גענומען פֿאַר קרויווישער בלוט און קאַמף צווישן צוויי קאַווקאַזער שוואָטים. דער גרונט-טאָן פֿונעם ספּעקטאַקל איז די אידעאַליזירונג פֿונעם אַלטערטום, פֿונעם פֿאַרביקן אַמאָל.

אין דער טאַטאַרישער מוזיקאַלישער דראַמע „איל", וואָס שילדערט דעם קאַמף און פּראָטעסט פֿון די אונטערדריקטע פּויערים קעגן פּאָרעץ און זײַנע מעשאָרסים, איז די גאַנצע פּויערישע מאַסע, ווי פֿון איין גוס, אָן קיין שום קלאַסן-דיפֿערענצירטקייט און דער פֿאָלקיסט, וועלכער שטייט ביי צום פּראָטעסט, אַנטלויפֿט, ווי נאָר די פּויערישע מאַסע הויבט אָן אַרויסווײַזן איר אַקטיווקייט.

אַפֿילע אין דער עכט-רעוואָלוציאָנערער שטעלונג פֿונעם גרוזינישן רוסטאַוועלי-טעאַטער „אַנזאַר" („פּאַנצער-צוג 1469") האָבן מיר געוויסע אידעאָלאָגישע פֿעלערן. עמעס, אין פֿאַרגלײַך מיט דער וועלכער שטעלונג אין מאָסקווער ערשטן קונסטלערישן טעאַטער איז „אַנזאַר" א געוויסער שריט פֿאָרויס; אינעם מאָסקווער ערשטן קונסטלערישן טעאַטער שטעלט מען דעם טראָפּ אויף די שווערע אינדיווידועלע איבערלעבונגען פֿון דער אינטעליגענץ, וואָס פֿיגורירט אין דער פּיעסע, און אין גרוזינישן רוסטאַוועלי-טעאַטער — אויף דער פּויעריש-פּאַרטיזאַנישער באַוועגונג. און ווידער איז דאָ די פּויערישע מאַסע ניט דיפֿערענצירט און דער הויפּט-פֿירער וויערער, אַנזאַר, האָט א פּאָנעם פֿון אַן אַדעליקן, פֿון א קאַווקאַזער פּירשט, בעשאַס אין דער עמעסן איז ער אַן עכטער פּויער.

אינעם לידער-רעפּערטואַר, וואָס די נאַציאָנאַליטעטן האָבן דעמאָנסטרירט אויף די עטנאָגראַפֿישע אָוונטן און אין דער מוזיק, זײַנען די שטאַרקסטע מאָמענטן געווען: די לידער פֿון אַלטן פּויערישן שטייגער פֿון דער פֿאַרגאַנגענהייט. די לידער, וואָס שפּיגלען אָפּ דעם נײַעם שטייגער — דעם קאָמוג, די באַפֿרײַטע מיזרעך-פֿרוי, דעם קאָלווירטש — זײַנען געווען די שוואַכסטע, די מאַטע בלאַסע.

# די פּראָבלעם פֿון נאַציאָנאַלער פֿאָרם אין טעאַטער.

אײנע פֿון די אינטערעסאַנטסטע און שװערסטע פּראָבלעמען, װאָס די ערשטע אַל־פֿאַרבאַנדישע קונסט־אָלימפּיאַדע האָט אַרױסגערוקט, איז די פּראָבלעם פֿון נאַציאָנאַלער פֿאָרם. באַ הײַנטיקן טאָג איז שױן פֿאַר יעדן מער אָדער װײניקער מאַרקסיסטיש־דענקענדיקן קונסט־פֿאָרשער קלאָר, אַז אױב דאָס נאַציאָנאַלע קונסט־װערק װיל װערן אײַנבעהצײַנגדיק, מוז מען בעשאַס דעם שאַפֿן דאָס קונסט־װערק—אַ דראַמע, אַ ראָמאַן, אַ בילד, אַ מוזיקאַליש װערק, אַ טעאַטער־פֿאָרשטעלונג—אױסנוצן די נאַציאָנאַלע קונסטלערישע יערושע. אָבער װי נוצט מען עס, קען מען עס האַלט צופֿרידנשטעליק זײַן פֿון אידעאָלאָגישן שטאַנדפּונקט, פֿון קלאַסן־שטאַנדפּונקט? די עכט־נאַציאָנאַלע פֿאָרם, אױב מען לאָזט זיך צופֿיל באַאײַנפֿלוסן פֿון איר, קען זי פֿאַרשלעפּן אין אָפּגרונט, אין דער אידעאַליזירונג פֿון דאָס אָפּגעלעבטע, אין עסטעטיזם.

אײניקע פֿון די נאַציאָנאַלע טעאַטערן, װעלכע האָבן פֿיגורירט אױף דער קונסט־אָלימפּיאַדע, האָבן גראָד אַרױסגעװיזן אָט די שװאַכקײט.

די לידער, די מוזיק, די טענץ פֿון די אוזבעקן צ.ב., זײַנען גװאַלדיק אינטערעסאַנט פֿון עטנאָגראַפֿישן שטאַנדפּונקט און אַנדערע מוזיקאַלע טעאַטער קאָנען פֿונדאַנען זײער פֿיל אינטערעסאַנטע זאַכן שעפּן. אָבער דאָס איז דאָך דער פּרימיטיװ, װעלכן מען דאַרף ניט פֿעטישיזירן, פֿאַרקערט, מען דאַרף דאָס אױסלעבן, גיכער זײַן און באַ אינגהו לערנט מען די פֿינגער. און עס קומט אױס, אַז מען גיט אַן אָנצוהערעניש די אוזבעקן זײַ זאָלן זיך װײַטער אױך קװיקן דערמיט און ניט אַריבערשטײַגן די יערושע.

די קונסט פֿון אַ געװיסן טײל אָלימפּיאַדע־אָנטײלנעמער זאָגט אױדעס, אַז אין אײניקע פֿאַלן קעמפֿט מען מיטן נאָמען פֿרײען פֿאַר דער נאַציאָנאַלער פֿאָרם, בעשאַס מיטן פּראָלעטאַרישן אינהאַלט האַלט עס נאָך נאָר פֿון פֿאָרנט. דאָ דאַרף מען געפֿינען אַ געװיסע פּראָפּאָרץ פֿאַר דער נאַציאָנאַלער פֿאָרם, לױטאַבע דעם אָרטיקער יענעם קונסט־ספּעציפֿיקום.

אָט האָט דער אוקראַינישער קראַמאַטאָרסקער טעאַטער אין ספּעקטאַקל „דיקטאַטור“ געװאָלט שטעלן דעם טראָפּ אױף דער נאַציאָנאַלער פֿאָרם און האָט אָפּגעגעבן די בכבוד די טראַדיציע פֿון דעם אַלטן אוקראַינישן עטנאָגראַפֿיש־היסטאָרישן טעאַטער—האָבן זיך באַ אים די טיפּן פֿונעם אַלטן דאָרף באַקומען בולעט און העל און אײַנבעהצײַנגדיק, אָבער דער נײַער טיפּאַזש—צוקערלעקעדיק, האַמעטנע.

מיר װײסן אַ רײ מוזיקאַלישע מאָמענטן אין דער שאַפֿונג פֿונעם מאָסקװער מעלוכישן ייִדישן טעאַטער, װען ער האָט זיך װי פֿאַרטלינעט אין דער סטיכיע פֿון דער נאַציאָנאַלער פֿאָרם. עס איז גענוג דערמאָנען דאָס „הײַנטיקע פּינטעליע („אַ נאַכט באַם יעפֿן“), װאָס האָט געװאָלט זײַן אַ פּיִעטעטיקע פּאַראָדיע אױף דעם „דיבוק“, װאָס אין „האַבימאַ“. אָבער מען האָט אין אָט דעם „פּינטעליע“ אזא שלאַל מוזיק און פּלאַסטיק אַרײַנגעטראָגן, אַז מען האָט דאָס פֿאַרעסטעטיזירט, און, אַזױ אַרום, טײלװײַז פֿאַרװישט דעם קיװן, װער „װאָס בין איך דאָ אױסן“.

עפּעס ענלעכעס האָט פּאַסירט מיטן װײַסרוסישן מעלוכישן ייִדישן טעאַטער. איך מײן דאָ די פֿאָרשטעלונג „דער טױבער“, מיט װעלכער דער הערדאָװיקער טעאַטער איז אַרױסגעטראָטן אױף דער קונסט־אָלימפּיאַדע. דער דראַמאַטורגישער שטאָף, װעלכן בערגעלסאָן האָט געליפֿערט פֿאַר דעם דאָזיקן טעאַטער, האָט זיך גענוטיקט אין אַ היבשן טיקן.

דער שװערפּונקט פֿון דער פּיעסע „דער טױבער“ האָט געדאַרפֿט שטעקן אין די סאָציאַלע צוזאַמענשטױסן פֿון די 2 אַנטאַגאָניסטישע גרופּן „אײבן און אונטן“—װאָס

די ספּעקטאַקלען װײַער שפּיל זאָל געבן דעם גײַסטיקן און ערנסטן עפעקט, איז דאָס אַלײן קנאַפּ. מען האָט פאַרמאָגן מײַסטערשאַפט, צום באַדויערן, פאַלן אָבער אַרײַן אַסאַך פון די יונגע נאַציאָנאַלע טעאַטער-קאָלעקטיװן און די הענט צו רעזשיסערן פאַרטאַטשעס, שיכאָס פון מאָסקװער, לענינגראַדער און אַנדערע גרויסע רוסישע טעאַטראַלע צענטערן.

## דער געמישטער צוזאַמענשטעל און די רעזולטאַטן דערפון.

דער צוזאַמענשטעל פון אַסאַך קאָלעקטיװן און די נאַציאָנאַלע טעאַטערן איז דאָס-מאָל אַ געמישטער; טײלװײַז אַלטע ליבהאָבער, טײלװײַז אַלטע אַקטיאָרן פּראָפעסיאָנאַלן, טײלװײַז נאָר יונגע, װעלכע האָבן נאָכאַנאַנד געענדיקט אַ טעאַטראַלן טעכניקום. דאָס שאַפט אויך אין אײניקע פאַלן געװיסע איבעררײַסלאַגן אין דער נאַטירלעכער אַרבעט און אַנטװיקלונג פונעם טעאַטער און שטערט אים אָפט זײַן אײנאַרטיק, מאָנאָליט.

לאָמיר נעמען דעם ספּעקטאַקל „האַמלעט", װעלכן עס האָט געװיזן אויף דער אָלימפּיאַדע דער אוזבעקישער שטאַטלעכער, קונסטלערישער טעאַטער, װוּ עס שפּילט דער באַרימטער טערקישער אַקטיאָר שאַרית-זאַדע די ראָל פון „האַמלעט" מיט אַזאַ מײַסטערשאַפט, אַז איר װעט פאַר זיך אַ גרויסן אַקטיאָר פון קלאַסישן סטיל. װען איר קוקט אָבער דורך דעם גאַנצן ספּעקטאַקל, מאַכט עס אויף אײַך דעם אײַנדרוק, װי עס װאָלט אָנגעקומען פון דער הויפּט-שטאָט אַ באַרימטער שוישפּילער, װעלכער האָט צונויפגעשלעפּט אַ בינטל פּראָװינציעלע דריטקלאַסיקע אַקטיאָרן און פאַרצײַטיקע דעקאָראַציעס און... נאַטוראַליזם.

## די באַציונג פון מאָסקװער צושויער און פון ד׳ ר׳ קריטיק.

די ערשטע ראַטנפאַרבאַנדישע טעאַטער-אָלימפּיאַדע האָט פאַרדינט אַסאַך אַ גרעסערע אויפמערקזאַמקייט, װי די, װעלכע עס האָט איר אָפּגעגעבן דער מאָסקװער צושויער. אויף דאָס מאָל פאַרשטעלונגען פון די אָפיציעלע אָלימפּיאַדע-ספּעקטאַקלען זײַנען בײַגעװען טײלװײַז די אויסגעצײכנטסטע אַקטיװע אָנטײלנעמער פון דער אָלימפּיאַדע, ד. ה., די אַקטיאָרן פון די נאַציאָנאַלע טעאַטערן, די רעזשיסירטערם, דער אַדמיניסטראַטיװער פּערסאָנאַל הײַנטער, טײלװײַז דער אינטעליגענטער עולם, װאָס געהערט צו דער נאַציאָנאַליטעט, װעלכע האָט געשפּילט אין געגעבענעם ספּעקטאַקל. די מאָסקװער אַקטיאָרן און רעזשיסירטערם האָט מען דאָ זײער קנאַפּ און זעלטן געזען.

װאָס איז שײַך דער מאָסקװער טעאַטראַלער קריטיק, איז איר ראָל אין דער ערשטער קונסט-אָלימפּיאַדע געװען ניט נאָר „פּוילעריק" און ניט שטענדיק אויף אַן אָרט.

**נ. קאַבאַקאָוו.**

# אַ פּאָעמע וועגן מײַרעוו-ווײַסרוסלאַנד.

פאר די 10 יאר, זינט עס עקזיסטירט ווס.ס.ר., איז בײַ אונדז אויסגעוואקסן די ווײַסרוסישע ליטעראטור, עס האט זיך אידעיש פארפעסטיקט דער „בעלאפפ" אף ווײַטע פראלעטארישע פאזיציעס, עס האט אויפגעבליט די ליטעראטור און קולטור פון די נאצמינדערהייטן אין ווס.ס.ר. (יידישע, פוילישע און אנדערע).

די העראישע געשיכטע פון דעם, ווי ווס.ס.ר. האט זיך באפרייט פון די ווײַס-פאליאקן, די געשיכטע פון בירגער-קריג, די העלדישע טאטן פון אונדזער רויטער ארמיי האבן געפונען זייער קינסטלערישע אפשפיגלונג אין דער ווײַסרוסישער ליטע-ראטור (לימאנאווסקי, באראשקא, מגראשקא, האלאוואטש און אנד.).

דער בירגער-קריג האט אויך געפונען זײַן אפשפיגלונג אין א רײַ ווערק פון יידישע שרײַבער און פאעטן אין ווײַסרוסלאנד.

ווען מיר האבן געפײַערט דעם 10-טן יארטאג, זינט ווס.ס.ר. האט זיך באפרייט פון די ווײַספאליאקן, האבן מיר ניט געקענט ניט דערמאנען, וועגן יענעם טייל ווײַסרוסלאנד—מערב-ווײַסרוסלאנד, וועלכער געפינט זיך נאך אונטערן שטיוול פון פוי-לישן פאשיזם, פון פוילישן פאניע, ווו מיליאנען ארבעטנדיקע ווערן געשטיקט און געפייניקט.

און אט ליגט פאר אונדז דער ארגענטינער זשורנאל „ניי-וועלט", 29 №, פון מארט חודעש 1930 י., „ניי-וועלט" איז אן ארגאן פון דער ארגענטינער פראלעטארישער שרײַבער-גרופע, וועלכע טראגט דעמזעלבן נאמען.

און אין אט דעם דאזיקן זשורנאל איז אפגעדרוקט א פאעמע פון מ. קויפמאן „מערב-ווײַסרוסלאנד".

*
**

„אין מערב-ווײַסרוסלאנד" מאלט אונדז קויפמאן דעם קאמף פון די ווײַסרוסישע ארבעטנדיקע, איבערהויפט פון ארעם-מיטל-פויערטום אין מערב-ווײַסרוסלאנד, אנהויבנ-דיק פון 1905 י., דערנאך בײַם דער אימפעריאליסטישער מלחמה, די אקטיאבער-רעוואליוציע, די אקופאציע פון מערב-ווײַסרוסלאנד און דעם פראצעס איבער דער ווײַסרוסישער פויעריש-ארבעטערישער הראמאדע.

קויפמאן הויבט אן זײַן פאעמע פון דעם, ווי אזוי אין א שטאט אפן ניעמאן האט זיך נאך פאר דער צארישער רעגירונג אויסגעבויט א נייע רעגימיל:

אף האמער-בערגע פון לויטערן ניעמאן, א פאר קילאמעטער פון שטאט,
האט דאבוועסדיק, ברייט זיך צעשפרייט א גיגאנטישע רעגימיל,
און די שווארצע פארוועבטע קוימענס פארויסן
צו בלויע, צעשמייכלטע הימלען.

און ווײַטער דערציילט דער אויטאָר, ווי „עס האָט אַ בלאָטיק שטעטעלע געדרעמלט אָפן הימל, און וואַלד אַראָלשער האָט געשטאַנען דאָ אין טאָל, און פון שלאָס דער פּאָריץ האָט געהערשט אין גאַנצן געגנט".

דאָ ניט קויפמאַן אַ בילד פון פּאַנשטשינע, די אַמואָריעטריקייט פון פּאָריץ צום פּויער א. א. וו.

דערנאָך האָט „אַ פּשוטער מיבער, אַ ייִד" אויפגעבויט דאָ אַ זעגמיל, עס הייבט זיך אָן די פּראָלעטאַריזאַציע פון די אָרעמע פּויערים.

האָט אַ זעגמיל בײַם לויטערן ניעמאַן זיך הילכיק צעזונגען,
האָבן אָרעמע פּויערים שטיקלעך זאַמד־פעלד פאַרקויפט
און זיך פאַר באַטראַקעס אין זעגמיל פאַרדונגען.
האָט סירענע געשניטן די לופט פונקט זעקס אינדערפרי,
פליען קומען פון דאָרף די באַטראַקעס מיט אימפּעט צו לויפן,
און פאַרנאַכט פליען מידע, פאַרכוישעכטע נעפּים זיך געבן אַ צי
— און קיין ברויט איז פאַר קינדערלעך בלאָטע ניט געווען צו קויפן.

אָט די דיזאָזיקע לאַגע פונעם פּויער, וואָס איז פּראָלעטאַריזירט געוואָרן, וועלכער האָט אָנגעהויבן עקספּלואַטירט צו ווערן דורך דעם האַנדל־קאַפּיטאַל, אָט פאַ דעם האַלב־פּויער, האַלב־אַרבעטער איז געוואַקסן „אַ גלוזקער האַס אין פאַרשטיינערטע הער־צער" און אין 1905־טן יאָר, ווען עס האָט אויסגעבראָכן די ערשטע רעוואָלוציע —

האָבן סערמיאַגעס גרויע, מיט אייזערנע דראָגען באַוואָפנט,
זיך פון הייזקעס דערלאַנגט ווי אַ מאַרע אַ האַסטיקן טראָג.

און פון אָט דער מאַסע האָט זיך אויסגעטיילט ז י ד אָ ר, וועלכער האָט אַרויסגע־וויזן זײַן באַזונדערע רעוואָלוציאָנערישקייט און העלדישקייט אין קאַמף.

עס זײַנען געקומען קאָזאַקן —
האָט מען אַף שנעל פון דילן און קלעצער באַריקאַדע געבויט,
האָבן קאָסעס און ווילעס איבער קעפּ זיך צעפּאָכעט,
זײַנען באַטראַקעס מיט חדריקן אימפּעט געלאָפן צו זיכערן טויט
האָבן שפּיזן און שווערדן מיט ווילעס און העק און געדריי זיך געפלאָכטן.

נאָר די קאָזאַקן האָבן דערשטיקט די רעוואָלוציע, און ווידער „ווי אַ קאַלב צו דער שחיטע געבונדן".

זײַנען אָנגעקומען די מלחמה־יאָרן, דערנאָך די פעברואַל־רעוואָלוציע, די אָקטיאַבער־רעוואָלוציע —

און אין איינעם אַ טאָג האָבן זינגערשע מאַכנעס אַף פּריצישן שלאָס
אַ שנירל אַ רויטס מיט אַן אויפשריפט „רעווקאָם" אויפגעהאַנגען.
האָט מען פון הייזקעס צו לופטיקע זאַלן דערלאַנגט זיך אַ לאָז —
און פאַרכמאַרעטער שלאָס איז אין רויטן צעשמייכלטן שײַן אויפגעגאַנגען.

דאַן איז געקומען פון סיביר ז י ד אָ ר...

נאָר ניט לאַנג האָט דער רעווקאָם עקזיסטירט. מײַרעוו־ווײַסרוסלאַנד איז ווידער אונטערן יאָך פון פאַשיסטישן פּוילן. ז י ד אָ ר פירט אַן אונטערערדישע אַרבעט, ברענגט צײַטונגען, ליטעראַטור אַף לייענען:

פליען באַטראַקעס צופרידענע קומען אין אָוונט צו גיין,
פליען ווײַטער פאַרבלאָנדזשען צום טאָל — מיט געבלומלטע ביכער.

# ЗОРКА

Літаратурна-мастацкі і політычна-навуковы часопіс

פּרייַז 60 קאָפּ.



ВЫДАНЬНЕ
„Акцябр“
Менск, Рэволюцыйная, 2.